דיא

# שעהנע מרים

היסטאָרישע אָפּערעטע אין 4 אַקטען

מיט פּראָלאָג אונד עפּילאָג.

פֿאָן

## יעקב גארדין.

מוזיק פֿאָן מאָגולעסקאָ.

פּרייז 70 העלער.

פּשעמישל, תרס"ח.

אייגענטהום אונד פֿערלאַג פֿאָן אַמקרויט עט פֿרייגר, בוכהאנדלונג, פּשעמישל.

דרוק פֿאָן ש. ל. דייטשער, פּאָדגורזע.

1908.

די

# שעהנע מרים

היסטארישע אפפערעטטע מיט פראלאג אונד עפילאג

אין 4 אקטען

פאן

## יעקב גארדין

מוזיק פאן מאגולעסקא.



**Die Schöne Mirjam**

Historische Opperette in 4 Acten mit Prolog u. Epilog

**von Jacob Gordin. — Musik von Moguleskue.**

---

PODGÓRZE.

Eigentum und Verlag von Amkraut & Freund, Buchhandlung in Przemyśl.

Druck von S. L. Deutscher. — 1908.

## פערזאנען:

קעניג פערדינאנד פאן קאסטיליען

איזאבעלא, זיינע פרוי

פעדרא דע סעווילא, גענעראל

סעבאסטיאן, זיין זאהן

דאן מענדוזא, איינוואוינער פאן עמק הארזים

מרים, זיינע טאכטער

פאטריקא גראציע, אינקוויזיטאר

גאנזעלא, זיין פערטרויטער

דאן גיאוועפע, סעווילא׳ס דיענער

יואננא, זיינע פרוי

פערנאנדא מאראלעס, גאווערנער פאן סעגאוויע

רובין, דיענער אין עמק הארזים

ריכטער

אפיציער ביים קעניג

אפפיציערע, גראפען, וועכטער, מיליטער, פאלק.

ארט דער האנדלונג: קאסטיליען.



## פראלאג.

(פינסטערע צעלע אין דער אינקוויזיציאן, אינסטרומענטע אויף דער וואנד).

דאן גראציע, אמבראזיוס ריכטערס.

**קאהר:** הייליגער פאטער, מיר בעטען מיט א ריין הארץ (נאך גזואנג).

**גראציע:** מען זאל ברענגען דעם געפאנגענעם (וועכטער ברענגען איהם).

פעדרא דע סעווילא.

**גראציע:** אונגליקליכער, ווייסטו וויא דיא געפינסט דיך אצינד?

**סעווילא:** איך זעה א טינקלען קעלער, זעהר דונקלע מענשען, זעהר שרעקליכע מארטער אינסטרומענטע, איך קען מיר נישט ערקלערען ווער זייט איהר? וואס פערלאנגט איהר פון מיר? איך בין געגאנגען מיט מיינע רעגימענטער, געגען דען פיינד פון קאסטיליען, ביי נאכט זענען מיך אונערווארטעט איבערגעפאלען מאסקירטע מענשען, און האבען מיך מיט געוואלט אהער געבראכט, וויא בין איך?

**גראציע:** דיא ביזט אין געהיימען געריכט, איך פאטריקא־גראציע האב בעפוילען דיך אהער צו ברענגען.

**סעווילא:** דיא, פאטריקא גראציע! מיין פערזעהנליכער פיינד!

**אמבראזיע:** פאטריקא גראציע איז דער בעשיטצער פון אונזער רעליגיאן!

**גראציע:** מיך האט דיא הייליגע אינקוויזיציאן פיר דיעזעס אמט בעשטימט.

**סעווילא:** יעצט פערשטעה איך שוין ווארום עס זענען אין דער לעצטען צייט זאפיעלע בעוואוסטע אונד אנגעזעהענע לייטע פערשוואונדען. — די פאטריקא גראציע דער בעשיטצער דער הייליגען אינקוויזיציאן?

**גראציע:** יא איך! — אונגליקליכער, דיא ביזט בעשולדיגט דאס די האסט דיין לעבען לאנג נור דיא ראלע איינעם פראמען מאנעס געשפיעלט, אין דער ווירקליכקייט האסטו בעלאנגט צו איינעם אונריינען גלויבען

פון דען יודען! איזט עס וואהר? זיהסט דוא דיא מארטער אינסטרו־מענטע, דיעזע זינד אונזערע מיטעל מיט וועלכע מיר צווינגען יעדען פערברעכער דיא וואהרהייט צו געשטעהן. זאגע ביזטו איין פראמער מאן (שווייגט). פעדרא דע סעווילא די וועסט באלד אנפאנגען צו רעדען.

**אמבראזיע:** (ערשראקען) פעדרא דע סעווילא איזט עס? מיין גאט!

**גראציע:** וואס איזט?

**אמבראזיע:** איך דענק זא איין בעריהמטער פעלדהער וויא פעדרא דע סעווילא זאל קיין פראמער זיין!

**גראציע:** פעדרא דע סעווילא, ווילסטו דיא וואהרהייט געשטעהן, אנט־ווארטע ביזטו יודע? אדער פון איין אנדערען גלויבען?

**סעווילא:** איך ווייס, דיא ווילסט איך זאל דיר דיא וואהרהייט ניכט גע־שטעהן, אום זאלסט האבען דיא מעגליכקייט מיך צו פייניגען אונ צו מארטערן, ניין עס וועט דיר נישט געלונגען, איך וועל בעסער דיא וואהרהייט זאגען, אום פיר דער וואהרהייט צו שטערבען, יא! פון יודישע עלטערן שטאם איך ארויס, א יוד בין איך מיין לעבען לאנג. מיינע גאטזעליגע פרוי איז פון איין אנדערער רעליגיאן געוועזען, מיין איינציגער זאהן וועלכער געפינט זיך היינט אין דער שולע איזט אויך פון דערזעלבען רעליגיאן, אבער איך וואר איין געצוואונגענער דאצו — אין געהיים בין איך געוועהן טרייא און איבערגעגעבען צו דעם גלויבען פון מיינע עלטערן, איך ווייס איך וועל יעצט צום טאדט פעראורטיילט ווערען, דאס אבער קימערט מיך אם וועניגסטענס וייל א יוד בין איך געבוירען אונ א יוד וויל איך שטארבען.

**גראציע:** ניין מיין פריינד — זייא ניכט זא איבעראיילט, דיא האסט נאך פיעלע פראגען צו בעאנטווארטען, ווא איזט דיין ברודער פערנאנדא?

**סעווילא:** דיא ווייסט וויא מיין פערלוירענער ברודער איזט?

**גראציע:** יא איך ווייס דיין ברודער פערנאנדא איזט דא געשטארבען מיט א שרעקליכען טוידט, אבער וויר וואלען וויסען ווא דיין זאהן איזט, דוא ווייסט עס געוויס.

**אמבראזיע:** גאט ערבארמע דיך!

**גראציע:** (צו איינעם פון דיא ריכטער) דיזער יונגע ריכטער איזט מיר וואס פערדעכטיגט (ווייזט אויף אמבראזיען).



**ריכטער:** ער איזט א זעהר טרייער דיענער פון אונזער היילינג טריבונאל, אונ איין אייפריגער ברידער — ער איזט אויך א גוטער ארצט אונ זיינע הילפע דארפען מיר זעהר אפט האבען!

**גראציע:** יודע! ווילסטו אנטווארטען ווא זיך דיין ברודערס זוהן בעפינדעט? דיין יודישער נאמען איזט איזראעל! דוא שווייגסט? נאך איינע פראגע, ווייסטו ווא עס בעפינדעט זיך דער בעוואוסטע דאן מענדוזע דיין שוועסטערס מאן, וועלכער איזט מיט זיינער קליינען טאכטער פער־שוואונדען פון סעגאוויע, זייא וועגען אלע איבערגעגעבען דעם יודישען גלויבען, מיר ברויכען זייא!

**סעווילא:** דוא ברויכסט זייא? איך פערשטעה! אבער זאלאנגע איך הערע וואס דיא רעדעסט וועל איך דיר אויף דיעזע פראגען ניכט בעאנט־ווארטען, איך וועל מיינע אונגליקליכע ברידער ניכט פערראטהען!

**גראציע:** דאן נעמט איהם אויף דעם מארטער טיש, ער וועט באלד אנ־פאנגען צו רעדען.

**ריכטער:** פילייכט איזט בעסער מיט עטוואס לייכטערעם אנצופאנגען, דען ער ווירד עס ניכט ערטראגען.

**גראציע:** יודען קענען אלעס ערטראגען. (גראציעס בעפעהל ווירד אויסגעפיהרט).

**סעווילא:** (שרייט) ד׳ ד׳ אל רחום וחנון! (ווערט שטיל).

**אמבראזיע:** (פיהלט זיין שמערץ) אב דער מארטער ווירד פארטגעזעצט ווערען, פערליערט דיא היילינע אינקוויזיציאן זיינע זעלע, פילייכט וויל דער יודע תשובה טהון אונ אלס פרומער מאן שטערבען!

**גראציע:** גענוג, מיר וועלין דעם יודע צייט געבען זיך צו בעזינען אונ תשובה טהון, ברענגט איהם צו זיך ערמונטערט איהם ער זאל מארגען ווידער קרעפטע האבען אונזערע ערפארשונג אויסצושטעהען. קומט ברידער! דיא היילינע זיטצונג איזט געשלאסען. (אלעס אב מיט פאקלען עס ווירד דונקעל).

**אמבראזיע:** (ברענגט סעווילא צו זיך) איהר געמיינע לומפען באנדע!

**סעווילא:** (ערוואכט) ווער איז דא מיט מיר? מיינע קרעפטע פערלאזען מיך!

**אמבראזיע:** איך... דער ארצט פון דעם טריבונאל — — — (שטיל) ראה ד׳ והביטה למי עוללת כה, זעה גאט אונ בעטראכט וועמען האסטו אזוי געטהון. (וויינט איבער איהם).

**סעווילא:** אִיךְ קֶען נִישְׁט פֶערְשְׁטֶעהֶן דִיא רֶעדְסְט מִיט אוּנְזֶער הֵיילִיג לָשׁוֹן! וֶוער בִּיזְטוּ?

**אמבראזיע:** יְהוּדִי אָנֹכִי וַד׳ הוּא אֱלֹהָי! יִשְׂרָאֵל וָעה דֶערְקֶענְסְט מִיךְ נִישְׁט? (דעקט אויף דיא מאסקע) זַייא רוּפֶען מִיךְ יוּלִיַאן אַמְבְּרָאזִיֶע אָבֶער מֵיין רִיכְטִיגֶער נָאמֶען אִיזְט יִשְׂרָאֵל אִיךְ בִּין דֶער אִיזְרַאעֶל וֶועלְכֶען זַייא זוּכֶען — אִיךְ בִּין דֵיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶען בְּרוּדֶערְם זוּהְן.

**סעווילא:** יִשְׂרָאֵל מֵיין בְּרוּדֶערְם זוּהן ד׳ הוּא הָאֱלֹהִים!

**אמבראזיע:** יָא אָנְקֶעל פֶערְנַאנְדָא וַואר מֵיין פַאטֶער מִיט פִיעל מִיה אוּנ שְׁרֶעק בִּין אִיךְ אַהֶער גֶעקוּמֶען, שְׁטַארְק דִיךְ מִיר וֶועט פִילֵייכְט גֶע־לִינְגֶען דִיךְ צוּ רֶעטֶען, אִיךְ וַוייס אַלֶע גֶעהֵיימֶע אֵיינְגֶענְגֶע אוּן אוֹיסְגֶענְגֶע.

**סעווילא:** נֵיין! אִיךְ פִיהל דֶער טוֹידְט קוּמְט, לִיעבֶער יִשְׂרָאֵל, אִיךְ בֶּעט דִיךְ עֶטְוַואס, מֵיין זוּהן וִוירְד יֶעצְט עֶרְצוֹיגֶען אִין אֵיין אַנְדֶערֶער שׁוּלֶע, עֶר וַוייסְט נִישְׁט אָב עֶר שְׁטַאמְט פוּן יוּדֶען, זֵיין יֶעצְטִיגֶער נָאמֶען אִיזְט סֶעבַּאסְטִיַאן, זֵיין יוּדִישֶׁער נָאמֶען אִיזְט עֶמַאנוּעֶל, וֶוען עֶר וֶועט אַלְט וֶוערֶען 25 יָאהר, עֶנְטְדֶעקֶע אִיהם דִיעזֶעס גֶעהֵיימְנִיס, עֶרְצֶעהלֶע אִיהם פוּן מֵיין לֵיידֶען, אוּן זָאג אִיהם דָאס מֵיין לֶעצְטֶעס וָוארְט, מֵיין לֶעצְטֶער גֶעדַאנְק וַואר עֶר, סֶעבַּאסְטִיַאן. (חלישט).

**אמבראזיע:** אָבֶער לִיעבֶער אָנְקֶעל, וִויא וָועל אִיךְ אִיהם קֶענֶען אִיבֶּער צֵייגֶען?

**סעווילא:** עֶר טְרָאגְט אוֹיף זֵיין הַאלְז אֵיין צֶערְבְּרָאכֶענֶעס מֶעדַאיְלָאן, אִיךְ הָאבּ אִיהם פִיעלְמָאהל גֶעזָאגְט, אַז עֶס וֶועט קוּמֶען אַ צַייט וֶוען דָאס מֶעדַאלְיָאן וֶועט וֶוערֶען גַאנְץ, דִיא זֶעהסְט דָאס (נעמט פון האלז) וֶוען דִיא וֶועסְט דָאס צוּזַאמֶען לֵייגֶען מִיט זֵיין מֶעדַאלְיָאן, וֶועט עֶס צוּזַאמֶען בִּילְדֶען אֵיין מָגֵן דָוִד, אִיךְ שְׁטַארְבּ, טַייעֶרֶער! לֶעבֶּע וָואהל! (שטארבט אמבראזיע בעהאלט דאס מעדאליאן, וויינט).

(גראציע קומט שטיל מיט פַאקעל אין דיא האנד).

**גראציע:** (אפארט) דִיעזֶער יוּנְגֶע מֶענְשׁ אִיזְט מִיר זָא פֶערְדֶעכְטִיגְט מֶען דַארְף זֶעהן וָואס עֶר טוּט (אמבראזיע ערבליקט איהם פערדעקט דאס געזיכט מיט מאסקע) נוּן בְּרוּדֶער, וִויא גֶעהט עֶס דֶען יוּדֶען?

**אמבראזיע:** אִיהר זַייט עֶס, הֵיילִיגֶער בְּרוּדֶער? דֶער יוּדֶע אִיזְט שָׁאהן דָארְט אִים הִימֶעל!



**גראציע:** וָואס! אֵיין יוּדֶע אִים הִימֶעל? אִין דֶער הֶעלֶע מֵיינְסְטוּ!

**אמבראזיע:** גוּטֶער, הֵיילִיגֶער בְּרוּדֶער, דֶער יוּדֶע אִיזְט אִים הִימֶעל, אוּנ דוּא וִוירְסְט בַּאלְד אִין דֶער הֶעלֶע זֵיין! (שטעכט איהם) פִיר מֵיין פַאטֶער אוּנ פִיר מֵיינֶען אָנְקֶעל (גראציע פַאלט).

## (פאר האנג).

(צווישען-אקט שפיעלט מוזיק איין שפאנישען טרויערמארש ביז אויפצוג דעם I אקטעס).



# I. אַקְט.

(איין גאס אין סעגאָווי, עס פאסירען מענער פרויען).

גיאָזעפע, יואַנאַס.

**גיאזעפע:** אִיךְ וֶועה דִיךְ, דַאנְקֶען גָאט! מִיר וֶוענֶען נִישְׁט אַרוֹיס גֶעקְרָאכֶען מֵיינֶע אוֹיגֶען, 70 יָאהר אַלְט!

**יואנא:** דָאן גִיאָזֶעפֶע לוֹמְפַּאצִיאַן, דִיא ווִילְסְט זָאגֶען 75 יָאהר! אַז דִיא מַאכְסְט דִיר מִיט 5 יָאהר קֶערְצֶער דָאס לֶעבֶען, מַאכְסְטוּ מִיר מִיט 5 יָאהר לֶענְגֶער מֵיינֶע צָרוֹת! 75 יָאהר בִּיזְטוּ אַלְט!

**גיאזעפע:** אַ יָא 75 יָאהר, אוּנ אִיךְ קוּק נָאךְ!

**יואנא:** טַאקִי אַ גְרוֹיס בְּרְיָה'שְׁקֵייט, קוּקֶען!

**גיאזעפע:** יָא, אָבֶער פַאר וָואס קוּקְט אוֹיף דִיר יֶעדֶער וֶוער עָס גֶעהט דָארְךְ?

**יואנא:** נוּ, נוּ, נֶעם לֶעג יֶעדֶען אַרוֹיף אַ פְלַאסְטֶער אוֹיף דִיא אוֹיגֶען.

**גיאזעפע:** אִיךְ פַארְשְׁטֶעה, דִיא פַארְטְשֶׁעפֶּעסְט מִיט אַ בְּלִיק, מִיט אַ ווִינְק, מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל מִיט אַ חֵנְ'דִיל (שפאניער געהען פאראיבער) אָט וֶועהסְטוּ, ווִיא עֶר וַוארְפְט אוֹיגֶען, וָואס מֵיינְט עֶר דַאמִיט?

**יואנא:** גֶעה פְרֶעג אִיהם!

**גיאזעפע:** אַז אִיךְ גֶעה פְרֶעגֶען, אִיז בֵּייא מִיר אֵיינְס, צְוֵוייא אוּנ פֶערְטִיג — אוּנ דוּא בִּיזְט גֶעגַאנְגֶען פְרֶעגֶען אוּנְזֶער יוּנְגֶען הֶערְרן דָאן סֶעבַּאסְטִיַאן דֶע סֶעווִילַא אוֹיבּ מִיר מֶעגֶען אַוֶועג גֶעהְן, בִּיזְטוּ גֶעבְּלִיעבֶּען אֶפְשַׁר צְוֵוייא שָׁעָה!

**יואנא:** וָואוּשֶׁע אוּנְזֶער יוּנְגֶער הֶערר אִיז בֵּייא דִיר אוֹיךְ אַ שַׂעטְנֶז?

**גיאזעפע:** יָא! אַ שַׂעטְנֶז מִיט כִּלְאָים.

**יואנא:** בִּיזְט מְשׁוּגָע? עֶר אִיזְט דָאךְ מִיר אַזוֹי ווִי אַ קִינְד, אוּנ אִיךְ אִיהם אַזוֹי ווִיא אַ מַאמֶע!



**גיאזעפע:** פַאר אַ קִינְד אִיז עֶר צוּ אַלְט, פַאר אַ מַאמֶע בִּיזְטוּ צוּ יוּנְג — מִיט 10 יָאהר צוּרִיק, וֶוען זַיין טַאטֶע אוּנְזֶער גוּטֶער הֶערְר, פֶעדְרָא דֶע סֶע־ווִילַא אִיז פְלוּצִים נֶעלָם גֶעוָוארֶען, אִיז נֶעבִּיךְ גֶעוֶועזֶען אַרַחֲמָנוּת אַצִינְד אָבֶער אִיז דֶער יָתוֹם שׁוֹין 22 יָאהר אַלְט אַזַא יָתוֹם אִיז נִישׁ אַ שְׁפִּילִיכֶען!!

**יואנא:** אִיךְ זָאל דִיךְ פָאלְגֶען וָואלְט אִיךְ בֶּעדַארְפְט לֶעבֶּען נָאר צוּלִיעבּ דִיר, קוּקֶען נָאר אוֹיף דִיר אִין רֶעדֶען אוֹיךְ נוּר מִיט דִיר.

**גיאזעפע:** טַעֲנָה נִישְׁט אַ סַךְ! אִיךְ בִּין דַיין גֶעזֶעטְצְלִיכֶער מַאן אִין בַּאהֶערְשֶׁער דָאן גִיאָזֶעפֶע! אַהֶער גֶעה! בִּיזְט גֶעוֶועזֶען בֵּיי אִיהם? הָאסְט אִיהם גֶעפְרֶעגְט, הָאט עֶר דִיר עֶרְלוֹיבְּט צוּ גֵעהְן, וָואס בִּיזְטוּ דָארְט גֶעזֶעסֶען?

**יואנא:** אַ אַלְטֶער שׁוֹטֶה עֶר הָאט מִיךְ נִישְׁט גֶעלָאזְט, עֶר הָאט מִיךְ גֶע־וָואלְט אוֹיסְפְרֶעגֶען, אוֹיבּ אִיךְ וֵויים נִישְׁט ווִי מִרְיָם דֶע מֶענְדוֹזֶע גֶעפִינְט זִיךְ, עֶר אִיז דָאךְ פֶערְלִיעבְּט אִין אִיהר אִיבֶּער דִי אוֹיעֶרְן!

**גיאזעפע:** גֶעוָואלְט! -- דִי הָאסְט גֶעוִיס אַלֶעם אוֹיסְגֶעפְּלוֹידֶערְט, אִין אוּנז אַלֶע אוּנְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט, גֶעוַואלְד פוּן וַואנֶען קֶען עֶר מִרְיָם?

**יואנא:** וֶוען זִי אִיז גֶעוֶועזֶען בֵּיי אִיהר מוּמֶע דָאנֶע דֶע קָארְץ הָאט עֶר זִי אָפְט גֶעזֶעהֶען, אָבֶער קוּם שׁוֹין מִיר הָאבֶען נָאךְ אַזוֹי וַוייט צוּ גֵעהְן.

**גיאזעפע:** דוּ הֶערְסְט! קוּם שׁוֹין, גָאר אִין דֶעם סִימָן הָאסְטוּ...

**יואנא:** וָואס פַאר אַ סִימָן דַארְפְסְטוּ נָאךְ?

**גיאזעפע:** הָאסְט פֶערְגֶעסֶען אַז דָארְט טוּר מֶען נִישְׁט אַרַיין גֵעהְן, אוּן אַ סִימָן (געשרייא) שַׂא שַׂא שׁוֹין בַּאלְד (פון אלע זייטען לויפען מענער פרויע קראנקע).

(קאהר אויפטריט).

**אלע:** דֶער הֵיילִיגֶער אַמְבְּרָאזִיעַ גֵעהט, דֶער גוּטֶער פָּאטֶער קוּמְט.

(אמבראזיע פערקליידעט אלס הייליגער).

**אמבראזיע:** גָאט וֶועגְנֶע אַייךְ מַיינֶע בְּרִידֶער (גיט אלע צו קושען איין בוך).

**יואנא:** (קישט דאס בוך) גִיאָזֶעפֶע מֶעגְסְט אוֹיךְ קִישֶׁען דָאס בּוּךְ אִיךְ וֶועל דִיר דֶערְנָאךְ אוֹיסְכַּשֶׁר'ן דִיא צֵיין!

**אמבראזיע:** (צו דיא קראנקע) דִיר גוּטֶער בְּרוּדֶער הָאבּ אִיךְ גֶעבְּרַאכְט אַ גְרָאז, ווִיא אִיךְ דִיר צוּגֶעזָאגְט, קָאךְ עֶס אוֹיף בֵּייא נַאכְט, טְרִינְק

עֶם אוֹיס און דֶעק דִיךְ גוּט אַיין — דִיא נֶעם אַ זַאלְבּ צוּ דַיין וואוּנְד וַואשׁ עֶם אוֹיס וִויא אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעוִויזֶען און שְׁמִיר עֶם אָן — און דִיר אַ פּוּלְוֶוער עֶם וֶועט דִיךְ נִישְׁט מֶעהר פִּיבֶּערְן (אלע שטרעקען דיא הענד וָואס, אִיהר בֶּעט הִילְפֶע? נֶעמְט אַלֵיין וִויפִיעל אִיהר דַארְפְט (גיט זייא א זעקעל מיט געלד) אִיךְ צֶעהל נִישְׁט וִויפִיעל מֶען גִיט מִיר, און אִיךְ וֶועל נִישְׁט רֶעכְנֶען וִויפִיעל מֶען נֶעמְט בַּייא מִיר צוּ, גָאט דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער זָאל אַייךְ אַלֶע שִׁיטְצֶען אוּנְד זֶעגְנֶען!

(ער געהט, קאָמט צו גיאזעפע שטיל וועהרענד)

**גיאזעפע:** דֶער סִימָן אִיז יצמ״כ ה״כ און דֶער עֶנְפֶער אִיז בה״כ — הֵיילִיג הֵיילִיג אִיז גָאט דֶער פֶעלְדְהֶער פִיעל אִיז דִי גַאנְצֶע וֶועלְט מִיט זַיינֶע הֵיילִיקַייט אָמֵן. (אב).

**אלע:** (אבגעהענד) אוּנְזֶער הֵיילִיגֶער, אוּנְזֶער גוּטֶער פַּאטֶער אַמְבְּרָאזִיע! (אב)

**גיאזעפע:** אִיךְ הָאבּ דֶעם סִימָן (קוקט זיך אום) הֶער דִיר גוּט אַן יצמ״כ ה״כ בּיה״כ קוּם וֶועל אִיךְ דִיךְ לֶערְנֶען אַ גַאנְצֶען וֶועג.

**יואנא:** (ווייעדערהאלט) יצמ״כ ה״כ לה״כ.

**גיאזעפע:** פֶערְשְׁטֶעהְסְטוּ דָאס אִיז רָאשֵׁי תֵּיבוֹת, יצמ״כ מַאכְט ד׳ צְבָאוֹת מְלֹא כָל הָאָרֶץ כְּבוֹדוֹ דָאס דַארְפֶען מִיר זָאגֶען, און עֶנְפֶערְן וֶועט מֶען אוּנְז בה״כ דָאס הֵייסְט בָּרוּךְ הַבָּא בְּשֵׁם ד׳ (שפאניער געהען פארבייא קוּק אוֹיף מִיר נִישְׁט אוֹיף זֵייא אַז נִישְׁט וֶועסְטוּ פֶערְגֶעסֶען דֶעם סִימָן!

**יואנא:** אִיךְ הָאבּ דֶעם סִימָן יצמ״כ ה״כ בה״כ (ביידע אב).

## פערוואנדלונג.

(עמק הארזים בערג. צווישען דיא בערג פערבארגען א שוהל אויף דער שוהל א בארג צום געהען א געהיימע טיר צו עמק הארזים און א געהיימע טיר צו דיא שוהל).

(רובין זיצט אויף א נידריגען בארג).

**מרים:** (זינגט אונטער די קאָליסען).

בֶּעפָאהר אִיךְ פַאנְג אַן צוּ דִיר גְרוֹיסֶער גָאט
הִיט מִיךְ און שִׁיטְץ מִיךְ פוּן שַׁאנְד און שְׁפָּאט,
אִיךְ גֵעה מִיר גַאנְץ אַלֵיין צְווִישֶׁען דִיא בֶּערְג,
אַיינֶע אַלֵיין... און זִינְג דָאס לִיעד צוּ גָאט,



נָאר יֶעצְט — אַהַא הַא יָא נָאר צוּ דִיר,
בֶּעפָאהר אִיךְ דִיעֶן צוּ דִיר גְרוֹיסֶער גָאט,
הִיט מִיךְ און שִׁיטְץ מִיךְ פוּן שַׁאנְד און שְׁפָּאט,
אַהַא אִיךְ זָאג נָאר צוּ דִיר,
אוּנד בְּלַייבֶּע הִיער.

**רובין:** יוֹם טוֹב הַיינְט חַג הַשָּׁבֻעוֹת נִישְׁט צוּ פֶערְזִינְדִיגֶען אוּנְזֶערֶע בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעצְווִינְגֶען דָארְט אִין דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט צוּ לֶעבֶּען — אַלְס אַנְדֶערְשׁ גְלַייבִּיגֶע זֶענֶען דא אִין עֵמֶק הָאֲרָזִים יוֹדֶען נִישְׁט צוּ פֶערְזִינְדִיגֶען — דָארְטֶען אָבֶער זֶענֶען זֵייא נִישְׁט צוּ פֶערְזִינְדִיגֶען פְרִיעסְטֶער, אָפִּיצִיעֶרֶע, הוֹיכֶע בֶּעאַמְטֶער, דָא פְּשׁוּטֶ׳ע בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, הַיינְט וֶועלֶען זִיךְ דָא אַלֶע פֶערְזַאמְלֶען און עֶס וָואלְט גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער יוֹ״ט וֶוען דֶער בַּעַל הַבַּיִת פוּן עֵמֶק הָאֲרָזִים, אוּנְזֶער בְּרוּדֶער דָאן הֶענְרִיקָא דֶע מֶעדוּזֶע וָואלְט גֶעוֶוען גֶעזוּנְד, אוֹי! אוֹיבּ עֶר וֶועט חָלִילָה שְׁטַארְבֶּען, וָואס וֶועט זַיין פוּן זַיין אַיינְצִיגֶע טָאכְטֶער מִרְיָם? (מרים זינגט) זִיא זִינְגְט זִיךְ אַקְדָמוּת מִילִין, פַאר אִיהְר אַלְטֶען קְרַאנְקֶען טַאטֶען.

(מרים ערשיינט מיט 2 קרענץ בלומען איינען טראגט זיא אריין אין שיהל אויף דעם ארון קודש דעם צווייטען אין דיא האנד).

**רובין:** גוּט יוֹם טוֹב מִרְיָם לֶעבֶּען!

**מרים:** גוּט יוֹם טוֹב רוּבִּין אִיךְ הָאבּ דֶעם פַאטֶער צוּ גֶעזָאגְט דָאס צוּ לִיעבּ אוּנְזֶער גְרוֹיסֶען יוֹם טוֹב וֶועל אִיךְ פְרֶעהְלִיךְ זַיין, און וֶועל מִיט בְּלוּמֶען פֶערְצִיעֶרֶען אוּנְזֶער הֵיילִיג בֵּית תְּפִלָּה אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעטְהוּן, זֶעהְסְטוּ אִיךְ הָאבּ מִיט מַיינֶע הֶענְד צְווֵיי קְרֶענְץ בְּלוּמֶען גֶעפְלָאכְטֶען, אַיינֶעם הָאבּ אִיךְ גֶעלֶעגְט בַּיים אָרוֹן קוֹדֶשׁ דֶעם צְווַייטֶען וֶועל אִיךְ לֶעגֶען אוֹיף דֶער מַאמֶעס קֶבֶר — רוּבִּין גֶעה צוּם פַאטֶער אִיךְ וֶועל דָא אַלֵיין בְּלַייבֶּען.

**רובין:** מִרְיָם בִּיזְט אַ גוּטֶע כָּשֵׁרֶ׳ה טָאכְטֶער נִישְׁט צוּ פֶערְזִינְדִיגֶען (אב).

**מרים:** אַ כָּשֵׁרֶ׳ה יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער! גָאטִינְיוּ גִיבּ מִיר קְרַאפְט צוּ זַיין אַזוֹי (געהט אויף בערג צום קבר) מַאמֶע, דַיין טָאכְטֶער, הָאט צוּלִיעבּ דֶעם יוֹ״ט דִיר אַ קְרַאנְץ גֶעבְּרַאכְט, אוֹיבּ דוּא זֶעהְסְט מִיךְ יֶעצְט פוּן דִיא הוֹיכֶע הִימְלֶען אוֹיבּ דִיא זֶעהְסְט מַיינֶ׳ טְרֶערֶען מַיינֶע וַייפְצֶע, בֶּעט גָאט פַאר

מיר – בעט ווייל איך דארף הילפע אונד שוטץ, מיין אלטער פאטער דיין געליעבטער מאן איז קראנק און שוואך, איך בין איינע אונגליקליבע זינדערין.

(זיננט א טרויריג ליעד פאלט אויף דעם קבר און וויינט, אינצווישען הערט זיך זינגען אונטער די קאליסען פרעהליך, שטעהט אויף ערשראקען און זינגט).

**מרים:** (זינגט) מוטער דיין קינד רעד צו דיר
דיא קרענצע פון פרישע בלומען,
האב איך יעצט אויף דיין קבר געבראכט,
בעט פאר מיר דעם אלמעכטיגען פאטער,
דיינע הילפע מוז מיר יעצט צור הילפע קומען,
אה! גוטע מוטער, דיינע איינציגע טאכטער,
איז אליין אויף דיעזער וועלט, בעשיטצע מיך,
ווען אין דען קינדהייט טאגען,
געוויגט האסטו מיך, מיט דיין ליעד,
מיך געהיט האסטו וויא א אויג אין קאפף,
געוועז בין איך דיין איינציגער טרייסט און פרייד,
א מוטער! אצינד בין איך אליין,
דיא געגענד איז רייצענד שעהן,
אויף יעדען טריט און שריט ווערט מען געפריבט,
אה מוטער מיינע! דיין קינד רעד יעצט צו דיר,
זיא רעד צו דיר שטעה מיר בייא) (4 מאהל).

(זינגט אונטער די קאליסען)

**סעבאסטיאן:** א מיין צארטעס בילד ליעבע פאן קאסטיליען,
אין געבירגע ביזטו שיין מיינע צארטע בלום,
איך קום אהער צו דיר,
בעגריסען דיך מיט פריידע,
מיין ליעד קלינגט מיט ליעבע,
א מיין לעבען הערסט מיך יעצט,
דיא שטראהלען דער זאנע,
דיא הימלען דיא בלויע,
אה! פערצויבערטע וועלט!



**מרים:** ווער זינגט עס דארט? וועמעס שטימע קלינגט דארט אין דיא געבירגע?

**סעבאסטיאן:** (זינגט) אה, פון אויפ'ן בארג, געטליכע, מיין הערץ, פיהרט מיך אהער (נאך געזאנג ערשיינט סעבאסטיאן).

**מרים:** (פראזא) א, סעבאסטיאן, איך בעגרייף נישט וויא אזוי האסטו געקענט אהער קומען?

**סעבאסטיאן:** דיא ליעבע האט מיך אהער געבראכט אונ מיין הערץ האט מיר דעם וועג געוויזען, אצינד האב איך דיך אליין געפונען.

**מרים:** דיינע שטארקע ליעבע האט מיך ערשראקען, אונ געצוואונגען צו פליהען פון דיר.

**סעבאסטיאן:** אין דיעזעלבע ליעבע וועט דיך אצינד נאך סעגאוויא בע־גלייטען! מאריע, איך וועל דיך צום אלטאר אלס מיינע פרוי פיהרען, אונזערע הייליגע, ליעבע קירכע וועט אונזער באנד פיר אימער פעראייניגען.

**מרים:** אונזער הייליגער טעמפעל! א, סעבאסטיאן, איך צווייפלע נישט אין דיר, איך וויים דוא ביזט א עהרענמאן, אבער גאט איז מיין צייגע, איך קען דיינע פרוי נישט זיין!

**סעבאסטיאן:** ווארום דען! ליעבסטו מיך דען נישט?

**מרים:** סעבאסטיאן! ניע וואר איין געליעבטער פון קאסטיליען זא געליעבט וויא דוא!

**סעבאסטיאן:** וואס דען קען אונז הינדערן גליקליך צו זיין?— האסטו שוין פילייכט איינעם אנדערן דיינע האנד פערשפראכען?

**מרים:** ניין! אבער דוא דארפסט מיך ניע זעהען, דוא מוזט פון דאנען אוועג געהן וואס שנעלער, יעדע מינוט וואס דוא ביזט דא, ברענגסטו מיך אין פיעלע אנדערע געפאהר און אונגליק — א, סעבאסטיאן! געה, געה אין פריעדען דוא וועסט מיך געווים פערגעסען דוא האסט אויפגאבען אין דיין לעבען אונ איך... מיר בלייבען טרערען און געוויסע הייליגע פפליכטען!

**סעבאסטיאן:** איך פערשטעה, דוא געפינסט דיך אין דער מאכט פון שלעכטע מענשען איך וועל דיך בעפרייען...

**מרים:** דוא דארפסט מיך נישט בעפרייען, איך בין פרייא.

**סעבאסטיאן:** דוא ביזט פרייא? דוא האסט קיינען אנדערען דיין האנד פערשפראכען דוא ליעבסט מיך אונ קענסט מיינע נישט זיין! ווי זאל איך דאס פערשטעהן?

**מרים:** שווער מיר אז דוא וועסט קיינעם נישט ענטדעקען וואס איך וועל דיר פערטרויען.

**סעבאסטיאן:** איך שווערע דיר!

**מרים:** איך קען דיינע פרוי נישט זיין ווייל... ווייל איך געהער צו א אנדערען גלויבען!

**סעבאסטיאן:** וואס! דוא געהערסט נישט צו אונזערער הייליגען קירכע?...

**מרים:** ניין...

**סעבאסטיאן:** נון דאס איז נישט אזוי וויכטיג אנדערסגלייביגע ביזטו אונ דאך...

**מרים:** איך בין קיינע אנדערסגלייביגע נור איינע יודין!

**סעבאסטיאן:** מיין גאט דוא ביזט א יודין אדער ווען דוא ליעבסט מיך אויפריכטיג, קען דיין גלויבען אונזער גליק נישט שטערען, אנדערס־גלייביגע זאלסטו ווערען אונ זאלסט מיינע פרוי זיין.

**מרים:** סעבאסטיאן! טייערער פון מיין לעבען ביסטו מיר, טייערער פון אלע מיינע געפיהלע איזט מיין ליעבע צו דיר, אונ דאך וועל איך ניע צוליעב דיר אפפערען מיין היילינג גלויבען פון מיינע עלטערן, דיינע פרוי וועל איך ניע זיין. יודין בין איך געבארען אונ יודין וויל איך שטערבען!

**סעבאסטיאן:** ניע, זאגסטו, ניע! קיינע האפנונג? קיינע ערווארטונג? אלעס פערלארען, אלעס פערשוואונדען פיר אימער (קניעט) א מאריע!

**מרים:** זייא נישט אזוי פערצווייפעלט איבער מיינע ליעבע, אדער ווע דארט איזט דאס גראב מיינער גאטטזעליגער מוטער בייא דיעזעם גראב, שווערע איך, אז איך קאן דיר נישט געהערען, זאל איך קיינעם אין דער וועלט געהערען.

**סעבאסטיאן:** אונ איך שווער דיר בייא דיא בלויע הימלען אז דיא בלייבסט מיין איינציג גליק ביז אין דער לעצטען מינוטע מיינעם לעבענס (גערוויש).



**מרים:** איך הער מען קומט, וועסטו געפינען דעם וועג אין דיא געבירגע?

**סעבאסטיאן:** אהער האט מיך געפיהרט דער שטערן פון מיין גליק, צוריק וועט מיך פיהרען דער גייסט פון פערצווייפלונג, לעבע וואהל — לעבע וואהל! (ער קלעטערט אויף דיא געבירגע און שרייט לעבע וואהל. אב).

**מרים:** מיינע וועלע איז אצינד מיט דיר אין דיא געבירגע — —

**רובין:** (פיהרט ארייין מענדוזען מרים'ס פאטער, אלט, קראנק) ווע נור, מרים, ווער שפאצירט דאס דארט? נישט צו פערזינדיגען.

**מענדוזע:** מרים, וואו ביזטו מיין קינד?

**מרים:** דא בין איך פאטער! (זיא פיהרט איהם).

**מענדוזע:** ביזט אזוי לאנג געבליעבען אהן מיר, איך בענק שוין נאך דיר קום אהער מיין קינד, מיר וועלען ביידע אביסעל זיצען אונ רעדען (זייא זעטצען זיך ביידע נעבען פאווילאן פון דער שוהל).

**רובין:** וואס איז דאס וואס אונזערע קליובען זיך אזוי שפעט, נישט צו פערזינדיגען (אב).

**מענדוזע:** ענדליך איז געקומען דיא גליקליכע צייט ווען איך קען שטארבען, אהנע צו זארגען וואס עס וועט מיט מיר זיין, מרים, דוא וועסט אליין נישט בלייבען, דיך וועט בעשיצען דיא האנד פון א בראווען, נאבלען אונ עהרליכען מאן, נאך אלס קינד האט ער דיך אויף זיינע הענד גע־טראגען, און אלס פריינד האסטו איהם אימער געליעבט אונ געשעצט, יעצט וועט ער דיין מאן אונ בעשיצער זיין.

**מרים:** ליעבער פאטער! דוא דארפסט יעצט דערפון נישט רעדען דען עס איז נישט אזוי וויכטיג.

**מענדוזע:** נישט וויכטיג צו זעהן מיין איינציג קינד פערזארגט בעפאר איך שטארב? ביזט א נאר, מיין קינד, וועסט אין א גוטער שעה חתונה האבען, אונ דאן וועל איך קענען רוהיג שטערבען.

**מרים:** איך וועל נישט חתונה האבען וועסטו פערשפארען צו שטארבען.

**מענדוזע:** דוא רעדסט אזוי, ווייל דוא ווייסט נישט ווער דיין חתן איז, ער איז דאן פערנאנדא מאראלעס, גאווערנער פון סעגאוויע, ער וועט דא היינט זיין און נאך הייטע וועסטו זיין פרוי מאראלעס, איז דען דאס נישט א עהרע אונ א גליק?

**מרים:** עס וועט היינט נישט געשעהן, איך מוז דיר דעם אמת זאגען, איך קען זיין פרוי נישט זיין!

**מענדוזע:** וואס הייסט דוא קענסט נישט? וועה איז מיר!

**מרים:** איך ליעב איהם נישט, איך ליעב איין אנדערן און האב איהם געשוואָרען איהם טרייא צו בלייבען ביז אין מיין טאד!

**מענדוזע:** האסט דיר אויסגעוועהלט א מאן אהנע צו פרעגען דיין פאטער? מרים מיין קינד! (היסט).

**מרים:** איך בין נישט שולדיג דאס הערץ וועהלט אליין אהנע צו פרעגען!

**מענדוזע:** גוט! לאמיך הערען ווער איז ער, איך וויל איהם זעהן בעפאר איך שטארב! איך וויל אויך וויסען ווער איז מיין צוקינפטיגער איידעם.

**מרים:** ער וועט דיין איידעם קיינמאהל נישט זיין, אזוי ווי איך וועל זיין פרוי נישט זיין, דאך, פאטער, דוא ביזט שוואך — דאס געשפרעך קען דיר נאך שאדען, איך בעט דיך רעד נישט מעהר דערפון — איך שווער דיר איך וועל קיינמאהל נישט הייראטען געגען דיינען ווילען.

**מענדוזע:** ניין, איך וויל אלעס וויסען, באלד, שוין, בעפאר עס ווערט שפעט (פיהלט זיך שלעכט) ווער איז ער וואס געפעלט מיין מרים, איז געוויס א בראווער עהרליכער יודישער יונגערמאן. —

**מרים:** צווינג מיך נישט צו זאגען דעם אמת דען עס איז שרעקליך!

**מענדוזע:** דער שקר איז אבער נאך שרעקליכער, ווער איז ער?

**מרים:** ער איז א...... אנדערסגלייביגער......

**מענדוזע:** א אנדערסגלייביגער! (שטעהט אויף פאלט צוריק) אבער ניין, ניין, פערקעהרט, דאס אונגליק איז נאך נישט אזוי גרויס, אויב דיך האלט אב דיא שבועה צו א אנדערסגלייביגען איז דאס א קלייניגקייט — איך, דיין פאטער, בעפרייע דיך פון דיין שבועה, דיין אנקעל אמבראזיע, וועלכער איז אונזער רבי אין וועלכען זאגאר דיא אנדערסגלייביגע האלטען פאר א געטליכען, און רופען איהם הייליגער אמבראזיע, דיין אנקעל ווירד דיך געוויס בעפרייען פון דער שבועה!

**מרים:** יא איך וויים ער קען מיך בעפרייען דיא קענסט מיך אויך בעפרייען אבער איך אליין קען מיך פון מיין שבועה נישט בעפרייען, איך האב געשוואָרען און מיין שבועה איז הייליג.



**מענדוזע:** דוא האסט מיך ערמארדעט! (פאלט אין אונמאכט).

**מרים:** פאטער, ליעבער פאטער! רובין, וועה מיר, וואס האב איך געטהון (רובין קומט אריין פיהרט מיט מרים מענדוזען אב).

(גיאזעפע און יואנא קומען פון בארג).

**גיאזעפע:** (אויף דעם בארג געהענד) וועה נור וויא מיעד זיא איזט — איך בין צווייא מאל אזוי פיעל געגאנגען און בין נישט געפאלען און זיא פאלט פון דיא פים — אוי דיא ווייבער זענען א צעקראכענע נאציע!

**יואנא:** דיא אלטע האבען זיך ליעב צו בערימען.

**גיאזעפע:** נו, האסטו דעם סימן?

**יואנא:** אוי, דיין סימן — דיין סימן ער איז נאך פיעל ערגער וויא צו קריכען אויף בערג! (פערשווינדען צווישען דיא בערג, קומען צו דער געהיימען טיר-קלאפען).

(רובין ערשיינט).

**רובין:** ווער קלאפט דארט אזוי שטארק?

**יואנא:** יצמ״כ ה״כ בה״כ!

**רובין:** וואס איז דאס?

**גיאזעפע:** יצמ״כ ה״כ איז פאר דיעזען נישט גענוג, מען דארף איהם זאגען ד׳ צבאות מלא כל הארץ כבודו!

**רובין:** אזוי איז גוט! (מאכט אויף דיא טהיר, גיאזעפע און יואנא קומען אריין).

**בײדע:** גוט יום טוב דיר, רובין, גוט יום טוב! וואס מאכט מען דא ביי אייך?

**רובין:** א גוט יו״ט, גוט יו״ט, ברוך הבא בשם ד׳, אוי איז דאס צייטען — נישט צו פערזינדיגען — גיאזעפע א יוד, יואנא א יודענע און אונזער אלטער איז זעהר קראנק.

**גיאזעפע:** קראנק?

**יואנא:** און וואס מאכט מרים?

**גיאזעפע:** קום, דוא געהסט, אויב דיא געהסט נישט וועל איך אליין אויך נישט געהן. (שרעפט זיא).

**יואנא:** עס איז א נחת צו האבען א אלטען מאן! א יונגער איז בעז ווען דאס ווייב וויל געהן מיט איהם, און א אלטער איז בעז ווען דאס ווייב וויל נישט געהן מיט איהם, יא קום.

**גיאזעפע:** יא יא מיט מיר דארפסטו געהן, אפילו איך וועל שטארבען וועל איך דיך אויך מיטנעהמען (ביידע אב).

**רובין:** א ווייבעל איז דאס, נישט צו פערזינדיגען. — דיא זין באקט, און דארט אין דער הויך טראגט א שווארצ״״ וואלקען, איך האב מורא היינט וועט זיין א רעגען מיט א שטורם. (מאראלעס קומט פון געבירג.)

**מאראלעס:** (זאגט דעם שפרוך, קלאפט אין דיא טיר.)

**רובין:** אה, וואס פאר א שמחה, נישט צו פערזינדיגען, אונזער טרייער גרויסער דאן פערנאנדא מאראלעס אליין (לויפט א קעגין) ברוך הבא בשם ד׳ (קישט דיא האנד).

**מאראלעס:** גוט יום טוב, וואס מאכען אונזערע, וויא איז דער אנקעל, וויא איז אונזער שעהנע מרים?

**רובין:** דער אלטער נעביך איז קראנק, אבער מרים, נישט צו פערזינדיגען (צינד לעכט אין שוהל)

**מאראלעס:** נו, איך וועל אריין געהן וועט שוין מיט גאטעס הילף אלעס גוט זיין. (אב פאווילאן).

**רובין:** ער איז אונזער רב ישראל, וועלכען מען רופט יוליאן אמבראזיע. אויף זייא ביידע שטיצט זיך אונזער פאלק וויא אויף צוויא זאלען, דער גאנצער עולם וועט אצינד ווארטען אויף דעם רבי׳ן, ער איז פונקט וויא אליהו הנביא ער איז א שטרענגער, א גוטער און א שטארקער (גערויש פאווילאן) וואס איז זייא ווילען שוין אנפאנגען (אב פאווילאן).

(יואנא, גיאזעפע).

**יואנא:** זאג נור, גיאזעפע, זעהט מאראלעס נישט אויס וויא א אמת׳ער העלד? דאס איז א מאן!

**גיאזעפע:** איין מאן איז דא אויף דיי״ וועלט, און דאס בין איך, איין העלד, דאס איז גיאזעפע לאפאצאן... קוק נישט.

(מענער, פרויען, מרים מאראלעס פיהרען מענדוזען).

**מענדוזע:** דאנקען גאט, דיא מאראלעס ביזט געקומען און ישראל וועט אונז מוחל זיין, איך פיהל מיינע לעצטע מינוטען קומען און איך קען לענגער נישט ווארטען, איידער איך שטארב וויל איך נאך א יודישע תפלה הערען.



**מאראלעס:** אנקעל, פערשטער אונז נישט אונזער פריידע (אלע געהען אריין אין שוהל טהון אן טליתים).

**מענדוזע:** (ביים עמוד) ברוך אתה ד׳ אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו לקרא את ההלל (קאהר זינגט דאס ערשטע קאפיטעל פון הלל דרייא מאל. נאך געזאנג צוריק ביהנע).

**מענדוזע:** גוט יום טוב שארית ישראל, אונזער איבערגעבליבען ביסעלע יודען, אונגליקליכע פערפאלגטע ברידער — איך פיהל איך געה אוועג פון דער וועלט, פאר מיין טוידט האב איך געוועלט מיין איינציגעס קינד מיינע טאכטער... (קאן נישט אויסרעדען).

**מאראלעס:** ליעבער אנקעל, איהר וועט נאך לאנג לעבען, און איהר וועט זיך נאך אויך אין אונזער גליק פרייען — זייט וויסען, ליעבער אנקעל, דער קעניג האט מיר ערלויבט צו הייראטען, ער ווייסט דאס מיינע אויסערוועהלטע איז דאנא מאריע, דיא ניכטע פון דאנא איזאבעלא דע קארץ... (עס ווירד דונקעל).

**מענדוזע:** מיין ליעבער מאראלעס, איך שטארב און מרים וועט דיינע פרוי נישט זיין!

**מאראלעס:** (שטוינענד) זענען מיר דען נישט פון איין פאמיליע? בין איך דען נישט שטענדיג דיין פריינד געוועזען? פערדיען איך דען נישט דיינע אכטונג? מרים!

**מרים:** מאראלעס, דוא ביזט שטענדיג מיין פריינד געוועזען, איך אכטע און עהרע דיך וויא מיין פאטער, איך צווייפעל נישט אב עס איז נאך דא איין עהרענווירדיגער מאן פון דיר, אבער דאך קאן איך דיינע פרוי נישט זיין.

**מאראלעס:** מרים, פאר וואס דען? שוין זייט פיעלע יאהר איז דאס געוועזען מיינע האפנונג.

**מענדוזא:** איך וועל דיר זאגען פאר וואס, זיא מיין טאכטער ליעבט א אנדערסגלייביגען.

**אלע:** א אנדערסגלייביגען!

**מאראלעס:** ווער איז דער וועלכער האט געוואגט מיין גליק צו רויבען? (ציהט א שווערד).

**גיאזעפע:** קוק אויף מיר וואס וועסטו מיר געבען, אז איך וועל טרעפען.

**יואנא:** איך ווייס דוא ביזט א אלטער טראפניאק, נו שא לאמיך הערען.

**מאראלעס:** ווער איז דער אנדערסגלייביגער?

**מענדוזע:** פרעג זיא, דיא אונגליקליכע. (אמבראזיע קלאפט, מען עפענט מיט שפרונג)

**אלע:** אונזער הערר!

**מענדוזע:** א! ישראל גאט האט דיך אהער געשיקט, וואס זאגסטו צו מיין אונגליק זיא ליעבט א אנדערסגלייביגען און האט איהם געשוואוירען עוויג א מיידעל צו בלייבען.

**אמבראזיע:** מרים איך בין דיר דיין שבועה מבטל.

**מענדוזע:** זעהסט... אבער... זיא... אוי... איך שטארב! (פאלט, מרים מיט אמבראזיע שטיצען איהם).

**אמבראזיע:** זיין פולס איז זעהר שוואך, דיין אטעם געהט איהם אוים מרים ער שטארבט...

**מרים:** (שרייט) פאטער ליעבער פאטער פערלאז מיך נישט, ערבארמע דיך איבער מיך, איך וועל עוויג דענקען אז איך האב דיך געטעטעט.

**מענדוזע:** אויב דוא ווילסט דיא זינד פון דיין קאפף אראב נעהמען, אויב דוא ווילסט איך זאל צו מיר אין קבר נישט מיטנעהמען א שנאה אויף דיר, אויב דוא ווילסט נישט איך זאל שטארבען שעלטענדיג דיין נאמען, פערייניג דיך מיט מאראלעסין בעפאר איך פערשליעס מיינע אויגען אויף תמיד. (אלע וויינען)

**מרים:** גאט אין הימעל! וועט מאראלעס מיר דען פערגעבען? (אמבראזיע זעצט מענדוזען אויף).

**מאראלעס:** גאט איז מיין ציינגע וויא שווער מיר איז צו וויסען אז דוא ביזט געצווינגען יעדאך וועל איך טראכטען דיין ליעבע אונד דיך אין אכטונג פיר מיר צו געווינען.

**מרים:** עס זאל געשעהען (צו מאראלעס שטיל) אבער געדענק מאראלעס, איך האב געשווארען ניע אין מיין לעבען איינעם אנדערען מאן צו געהערען (לויט) פאטער דיין ווילע זאל געשעהען!

**מענדוזע:** ליעבער ישראל איילע דיך צו, דיא צייט איז קורץ (מען מאכט צערעמאניע חופה).



**אמבראזיע:** (זינגט מיט קאהר, נאך געזאנג. פראזא) אצינד פריינד מאראלעס קענסטו דיינע אויסערוועלטען דען ערשטען ברויט קום געבען. (מאראלעס קישט מרים'ס שטערן).

**אמבראזיע:** (געהט צו מענדוזע) נון ליעבער אנקעל איהר קענט אייערע קינדער אייער זעגען געבען.

**מענדוזע:** (גאנץ לייזע שוואך) יברכך ד' וישמרך... ש... ש... ישראל! (פאלט שטארבט).

**אמבראזיע:** (פאלט אויף זיין קערפער נעמט זיין האנד) ברידער! אונזער שופט איז נישט מעהר מיט אונז, גאט האט איהם צוגענומען, ד' נתן ד' לקח — ברוך דין אמת!

**אלע:** ברוך דין אמת (אלע וויינען און קניען. קאהר זינגט מעלאדראמא).

(פ א ר ה א נ ג).

(ענדע דעם ערשטען אקטעס).





# II אקט.

(גארטען ביים קעניג, דורכזיכטיגער זאל זיטצען קעניגליכע געסט רעזערווירטע טישען).

גיאזעפע, יואנא, דיענער.

**גיאזעפע:** (צום דיענער) שא שטיפ דיך נישט אזוי ווילסט וויסען וואס פאר א רעכט איך האב דוא צו זיין — א שעהנע פראגע — ערשטענס איך אליין פאר זיך בין אויך עפיס קיין קלייניגקייט עס קען זיין אז מיין ניידע איז געוועהן עפיס א שפאנישער עדעלמאן, איבערדעם בין איך דאן גיאזעפע לאפאצאן, איך האב א נאמען וויא א רעכטער שפאנישער עדעלמאן, צווייטענס... עה ריק דיך א ביסעל אוועק פון מיין ווייבעל איך מעג קוקען אין פענסטער פון דרויסען וויא אונזער אמיזירט זיך, דריטענס זייא וויסען אז דער העלד פון דעם הייטיגען פעסט דער בעריהמטער דאן סעבאסטיאן דע סעווילא און איך און מיין ווייב זענען לייבליכע... דאס הייסט מיר זענען לייבקנעכט.

**יואנא:** שא, הער אויף דיא אלטער היהנער פרעסער שטעל דיך אין א זייט פעטריקא גראציע קומט (אב אין א זייט).

(גראציע).

**גראציע:** וואס מעהר אנדערע אמיזורען זיך, דעסטא ערגער פיהל איך מיך, וואס מעהר פרעהליכע געזיכטער איך זעה ארום מיר, דעסטא מעהר וועט מיין פערלאנג צו זעהען זייערע טרערען און זייערע ערניע־דערונג דער גליקליכסטער פון אלע איז היינט דער גאבערנער פון סעגאווא מאראלעס, און ער זאל אויך דער אונגליקליכסטער זיין, ווער איז דעם קעניג'ס איינציגער ראטהגעבער? מאראלעס — מיט וועמעס פרוי געהט דיא קעניגען ארום געארמט? מיט פרוי מאראלעס — איז זיא טאקע באמת אזוי טרייא איהרען מאן, אדער איז איהרע טריי־הייט



נור איין מאנטעל אונטער וועלכען עס איז פערבארגען א יונגער ליעב־האבער! איך ווייס ווען א פרוי איז קאלט און גלייכגילטיג איז עס ניט ווייל זיא איז הייליג און טריי. ניין, עס איז נור דערפאר ווייל זיא האט איינגען אין א אנדערער געזעלשאפט — ארמע פרוי, זיא פיהלט נישט דאס נישט לאנגע וועט זיא שטאלציערען מיט איהר מאנ'ס נאמען, נישט דער קעניג נישט דיא גרעסטע מאכט ווירד איהם העלפען קענען, דאס געהיימע טריבונאל האט איהם צום טאד פעראורטיילט. ער איז איין פערדעכטיגער מענש, און דיא קירכע האט בעשלאסען דעם קעניג פון זיין איינפלוס צו בעפרייען (ערבליקט דיא דיענערשאפט) דיא דיענערשאפטען פלאפלען וועהר אפט אוים אינטערעסאנטע זאכען. (פערשטעקט זיך).

**יואנא:** גיאזעפע, וויא ביזטו? קום אהער, קינדערליך אויב איהר וועט קיינעם נישט דערצעהלען ווייס איך א סוד, איהר ווייסט דיא שעהנע מאריע מאראלעס דעם גובערנער'ס פרוי, וואס זאל איך אייך זאגען, זיא רופט זיך נור זיינע פרוי, אבער אין דער ווירקליכקייט... שא, מיר האבען זיינע דיענערשאפט דערצעהלט, אז ער האט א בעזונדער שלאפ־צימער, גאר נישט, זאל גאט היטען, נור אזוי וויא פרעמדע.

**גיאזעפע:** א, ביי מיר וואלט זיא א מכה אויסגעפיהרט אזאלכע זאכען.

**יואנא:** ער האט זיא לייב דערפאר פיהרט זיא אוים, מען זאגט זיא האט געשוואירען, און דערפאר איז זיא וויא א היילינע, מאראלעס האט גע־רופען דעם פאטער אמבראזיע, אבער וואס ווייסט א היילינער צו אזעלכע זאכען?

**גיאזעפע:** אט בין איך כמעט אויך אזוי וויא א הייליגער פון דעסטוועגען (צום דיענער) עה, וויא האלסטו דיין עלענבויגען? ס'איז דיר דיא אויגען ארוים געקראכען (אויפטריט אפיציר אין זאל).

**אפיציר:** עה, איהר לומפען פארט, פארט פון פענסטערן (טרייבט אללע וועג אליין אויך אב).

(מרים).

**מרים:** איך וויל א ביסעל פרישע לופט געניסען, איך פיהל נישט גיט אבער קיינער טאר דערפון נישט וויסען (אפיציר אב) וויא ערשטוינט איז ער געבליעבען ווען דיא קעניגין האט מיך איהם פארגעשטעלט אלס דעם

גאווערנערס פרוי, זיינע אויגען האבען געברענט, זיינע בליקען האבען געשטאכען וויא שארפע שפיזען, נאט פערגיעב מיר, מיט יעדען בליק האט ער מיין הערץ פערוואונדעט, און יעדע וואונדע האט מיר געזאגט דאס ער ליעבט מיך. (אויפטריט גראציע).

**גראציע:** מאדאם... ענטשולדיגט, וויא פרייט עס מיך אייך היער צו זעהן גאנץ אליין, ערלויבט מיר אייך אנביטען מיין ארם!

**מרים:** ניין, ניין, דאנקע.

**גראציע:** וויא עס אייך נור בעליעבט איזט, שענע דאמע, דארפט איהר נור בעפעהלען!

**מרים:** ווירדיגער דאן גראציע איך בין יעצט נישט אויפגעלעגט קאמפלי-מענטע צו הערען...

**גראציע:** איך בין פיליכט דער מענש וועלכער האט פיינד צו שמייכלען און מאכען קאמפלימענטע, איך מיין עס ערנסט מאדאם, איך זאג אייך מאדאם, איהר זייט איינע זעלטענע שעהנהייט.

**מרים:** ניכט צור קעניגין נור צו שקלאווען מאכט אויס אפט די שעהנהייט.

**גראציע:** די בעסטע גאבע גאטעס איז דאך די שעהנהייט.

**מרים:** שעהנהייט איז א פלאגע מיט וועלכער גאט שטראפט די פרויען, שעהנהייט איזט אונז נור דאדורך געגעבען, אום דאמיט די מענייר אונז קיינע רוהע געבען זאלען, יעדער פרעכער קערל זאל אונז פער-פאלגען קענען מיט זיינע ווילדע בליקען און יעדער נאר מיט זיינע דומע ווארטע!

**גראציע:** ווייסט איהר מאדאם ווער פאטריקא גראציע איז? האט יעמאנד אין קאסטיליען געוואגט צו זאגען אז פאטריקא גראציע דום אדער פרעך איזט, און אונבעשולדיגט געבליעבען, אבער זייט רוהיג אייך איז אלעס ערלויבט. איהר דארפט קיינע בעסערע בעווייזע, אייער שעהנ-הייט צווינגט מיך אייער טרייעסטער און ערגעבענסטער צו זיין, ביי פיעלע שוויריגקייטען ווירד אייך מיינע פריינדשאפט ביישטעהן, איך וויל אייך רעטען פון געפאהר...

**מרים:** געפאהר? — שוויריגקייטען?

**גראציע:** ש... אייערע אונגעוועהנליכע פערהעלטניסע מיט אייער געמאהל און יעצט ווען סעבאסטיאן דע סעווילא איז צוריק געקומען!...



**מרים:** וואס ווייסט איהר דען פון אונזערע פערהעלטניסע, וואס מיינט איהר דאמיט?

**גראציע:** איך מיין גאר נישט, מען דארף גאר נישט זאגען, איך וויים אלעס און איהר קענט מיר אלעס אנפערטרויען, מרים, איך וויים איהר זענט יעצט אין א גרויסער פערלעגענהייט, אבער האט איהר מיינע האנד איך וועל אייער בעשיצער זיין.

**מרים:** איהר, מיין בעשיצער...?

**גראציע:** יא, איך אייער בעשיצער, און דערפאר פארדערע איך גאר נישט איך בעטעל נור וויא א ארמער בעטלער שענקט מיר אביסעל אויפ-מערקזאמקייט!

**מרים:** אויפמערקזאמקייט! — מיין הערר איך קען יעדען בעטלער קליין געלד שענקען, אבער נישט אויפמערקזאמקייט — סעניאר גראציע' מיין איינציגער פריינד און בעשיצער איז מיין מאן פערנאנדא מאראלעס.

**גראציע:** א, פערנאנדא מאראלעס וועט נישט לאנג דיין בעשיצער זיין (זיא ריקט זיך אב) איך פערשטעה דוא ווילסט איך זאל דיך פערלאזען ווייל דוא ערווארטעסט איהם, נו, און איהם וועסטו נישט ארויסטרייבען ער איז געזונד, יונג, פרעך, זאלכע בעטלען נישט ביי דען פרויען אויפמערקזאמקייט, ניין, ניין, פערקעהרט. א, איהר פרויען איהר פער-ניכטעט דעם וועלכער בעטעלט, איהר ליעבט דעם ווער עס בעפעהלט (געהט אב פערשטעקט זיך).

(מרים אין זאלכער שטעלונג מען זאל זיא נישט זעהן).

(סעבאסטיאן).

**סעבאסטיאן:** דארט צווישען די פרעהליכע געסט שטיקט, זייערע פרעהליכע שטימען מאכען מיך קראנק, זייער לוסטיגקייט פערוואונ-דעט מיין הערץ, קיינע מענשליכע געזיכטער זעהע איך — נור אויפ-גערעגטע טיערע, וועלכע פערפעסטען די לופט מיט זייער פאלשקייט, אבער וואס קען איך פון זייא ערווארטען, ווען זאגאר די וועלכע איך האב פאר א ענגעל געהאלטען (מרים קומט נישט ווילענדיג אריין, ער ערבליקט זיא) א, מאדאם, איהר זענט גאר דא? און איך האב געגלויבט דאס מיינע אנוועזענהייט האט אייך צוריקגעצויגען נאך אייער געמאהלס הויז... אין דעם שלאס פון דעם גאווערנער זענט איהר זיכער...

**מרים:** איך זוך קיינע זיכערהייט, איך האב מיך נישט גוט געפיהלט און האב געזוכט פרישע לופט.

**סעבאסטיאן:** א יא, דיא פרויען, איך ווייס זיי זוכען עפעס נייעס! עפעס פרישעס!

**גראציע:** (קומט נעהער, אפארט) געליעבטע פאנגען נור אן מיט קריעג, אבער נאך דעם עס שאדעט נישט, דער גליקליכער געמאהל זאל דיא שלום סצענע ביווואהנען (אב).

**מרים:** איך ווייס, איהר האט איבער מיר א שלעכטע מיינונג, יא איך האב עס פערדיענט.

**סעבאסטיאן:** איינע שלעכטע מיינונג פון איהרע עקסעלענץ, פון דעם הערר גאווערנער'ס געמאהלין, בעוואהרע מאדאם, איך מוז צוגעבען אלס יודישע טאכטער האט איהר פראקטיש געהאנדעלט. מאראלעס איז דער רייכסטער מאן אין קאסטיליען, דעם קעניגס פערזענליכער פריינד און דערצו גאווערנער פון סעגאוויא, איהר האט זעהר א גוט געשעפט געמאכט הא הא הא מאדאם, גראטולירע איהר האט ביי דיעזעם שאכער מאכער געוויס א שעהנען פראפיט געהאט.

**מרים:** איך קען גאר נישט זאגען, ענטשולדיגט איך מוז געהען, מיין געמאהל ערווארטעט מיך געוויס (וויל געהען).

**סעבאסטיאן:** עס מאכט נישט אויס, איהר הערר געמאהל קאן ווארטען, איך האב מעהר געווארט.

**מרים:** וואס פערלאנגט איהר פון דער ארמער אונגליקליכער מרים?

**סעבאסטיאן:** אונגליקליכע ארמע פרוי.

**מרים:** ווען איהר זאלט קענען זעהן וואס מיין הערץ פיהלט, וואלט איהר אפשר געהאט מיטלייד מיט מיר.

**סעבאסטיאן:** און וואס מיין הערץ פיהלט, — ווייסט, וואס איך האב געפיהלט ווען איך האב דיך געמוזט פערלאזען, און וואס האב איך געפיהלט ווען איך האב דיך דא אונערווארטעט בעגעגענט? מיטלייד זוכסטו, דו אונהערציגע, ווייסטו וואס איך האב געליטען און ערטראגען, וואונדער פון טאפפערקייט האב איך אין סיציליען געצייגט, ווייל איך האב געהאפט מיין רוהם ווירד דיך ערפרייען, מיט זיסע האפנונגען



האב איך פון קריעג צוריקגעקעהרט, און וועה! וואס האב איך ערווארטעט, וואס האב איך געטראפען? (וויינט).

**מרים:** סעבאסטיאן, יעדער טרער פון אייך פאלט אויף מיין אונגליקליכען קאפף וויא א שווערער שטיין, אבער רעדען איזט יעצט איבריג (וויל געהען).

**סעבאסטיאן:** דוא האסט ביים גראב פון דיינער מוטער געשוואורען דוא זאלסט קיינעם מאן אנגעהערען.

**מרים:** יא, איך האב געשווארען און מיין שוואור איז הייליג.

**סעבאסטיאן:** שפיעל דאך קיינע קאמעדיע פאלשעס ווייב!

**מרים:** איך האב געשווארען איך זאל קיינעם געהערען און דאס איז הייליג. גאט אין הימעל איז מיין צייגע, איך בין געוועהן —

**סעבאסטיאן:** דוא ביזט געוועהן געצווינגען דיינע פרוי צו ווערען, נישט אוים פרייעם ווילען?... בלייבט מיר יעצט נור איינם איבריג, איך וועל דעם געמיינען שופטען אויף דועל פאדערן און איהם וויא א הונד נידערשלאגען.

**מרים:** (קניעט) ניין סעבאסטיאן, טהו עס נישט, טעטעסט איהם וועלען דיר עס דיא הימלען נישט פערגעבען — סעבאסטיאן, איינם האסטו מיר דיינע ליעבע געשענקט, שענק מיר היינט דיינע גנאדע.

**סעבאסטיאן:** גוט, אונטער איינער בעדינגונג דיא מוזט מיר איינע פראגע בעאנטווארטען (געראויש) יעמאנד קאמט איך האב דיך געוואלט פרעגען (פערשטעקט זיך וועהרענד פון זאל קומט).

(מאראלעס, גראציע, דאן אמבראזיע)

**מאראלעס:** איך בין אייך בערייט אויסצוהערען מיין פריינד פאטריקא גראציע.

**גראציע:** יא-וואהל ליעבער פריינד איך דארף אייך זעהר נעהטיגעם ענטדעקען.

**אמבראזיע:** (בערירט מאראלעס'ן) ברודער מאראלעס א אויגענבליק.

**גראציע:** א פאטער אמבראזיע אייער זעגען דארף איך הייטע.

**אמבראזיע:** גאט זאל דיך בעלאהנען פיר דיינע גוטע טהאטען וויא דוא האסט דיר פערדיענט.

**גראציע:** אייער וועגען האט ביי מיר איינען דאפעלטען ווערט אייערע שטימע ערהוועקט אין מיר נאך מעהר אייפער און געפיהל פון ראכע פאטער אמבראזיע, עס איז מערקווירדיג אייערע שטימע דערמאנט מיך אימער אין איין שרעקליכער נאכט ווען א מערדערישער געצער האט אויסגעשריען, פאר מיין פאטער און פאר מיין אנקעל, עס איז איינס פון מיינע לעבענסגעהיימניסע.

**אמבראזיע:** זאל מיינע שטימע אייך אויך דערמאנען אין מיינע טהאטען (פיהרט מאראלעס אין א זייט שטיל) פארזיכטיג, געה נישט אהנע געוועהר, דיך דראהט געפאהר, גיב אבאכט, דיא האנד פון הייליגען טריבונאל מארדעט אין געהיים (געהט צו פאטריקא) פאטריקא גראציע, געדענקט איהר מיינע שטימע זא פערגעסט אויך נישט מיינע טהאטען (אב).

**גראציע:** יא דיינע טהאטען זינד ווירקליך גראס און האבען דיך צום הייליגען געמאכט, ווען נישט דאס... אבער ווארום פיהל איך צו דיר קיינע סימפאטיע?...

**מאראלעס:** אלזא פריינד גראציע וואס האט איהר מיר צו זאגען?

**גראציע:** פריינד מאראלעס, עס האנדעלט זיך וועגען אייערע עהרע, איך ווייס איהרע פרוי, שטעהט געוויס העכער פון יעדען אין פערדאכט, אבער קענט איהר דען יונגען אפיציער סעבאסטיאן דע סעווילא (געראויש) ש, מען קומט (פערשטעקען זיך וועהרענד סעבאסטיאן און מרים ערשיי-נען אויף דער ביהנע).

**מרים:** יעצט סעבאסטיאן מיסען וויר שיידען.

**סעבאסטיאן:** א מאריע, דו ביזט איין ענגעל, איך וואגע ניכט דיך צו בעריהרען, אבער ערלויבע מיר מיט מיינע ברענענדע ליפען צו בעריהרען דיא ערד ביי דיינען פיסען (קניעט).

(מאראלעס, גראציע).

**מאראלעס:** (ערשטוינט) וואס בעדייטעט דאס, מרים? (צו סעבאסטיאן) מיין הערר מיין נאמען איזט דאן פערנאנדא מאראלעס, מיר ווערט איהר מיסען ערקלערען וואס בעדייטעט דיא סצענע?

**סעבאסטיאן:** מיין נאמען איזט סעבאסטיאן דע סעווילא, איך וועל אייך דיא ערקלעהרונג נישט שולדיג בלייבען. (אפיציער ערשיינט).



**אפיציער:** זיינע מאיעסטעט דער קעניג און דיא קעניגין ביטען צום טיש (בלייבט ערשטוינט).

**מאראלעס:** מיין שווערד איז נאך ניע רוהיג אין דער שייד געלעגען ווען מען האט געגען מיינער עהרע געהאנדעלט (ציהט שווערד).

**סעבאסטיאן:** מיט זיין לעבען מוס יעדער בעצאהלען וועלכער וואגט מיך צו בעליידיגען! (ציהט שווערד).

**מרים:** (ווארפט זיך צווישען ביידע) דאן סעבאסטיאן דע סעווילא!....

**סעבאסטיאן:** ניין ניין, איך וואגע ניכט (ווארפט וועג דאס שווערד) פארט! איך דארף נישט און קען דא מעהר נישט פערבלייבען (וייל לויפען).

**גראציע:** (פערשטעלט סעבאסטיאן דעם וועג) אבער יונגער פריינד, אלס ריטער און אפיציער!

**סעבאסטיאן:** ניין ניין, איך דארף און קען דא מעהר נישט פערבלייבען פארט! (שטויסט וועג גראציען — אב).

**אפיציער:** זיינע מאיעסטעט דער קעניג און דיא קעניגין בעוויליגען אלע צו טיש. (אלע אב אויסער גראציע, ביהנע גאנץ דונקעל).

**גראציע:** (זיהט אן סעבאסטיאנס שווערד) דאס גאלדענע שווערד מיט וועלכען דער קעניג האט איהם בעעהרט האט ער צו דער ערד געווארפען (העבט דאס שווערד אויף) א, דאס גאלדענע שווערד וועט באלד א גאלדענע ראלע שפיעלען (גאנזעלא ערשיינט) גאנזעלא, גאנזעלא! דיא ביזט עס?

**גאנזעלא:** איך בין אימער דא ווען מען דארף מיך האבען.

**גראציע:** ביזט נאך נישט בעזאפען?

**גאנזעלא:** נישט אזוי פיעל איך זאל נישט קענען ערפילען דעם בעפעהל דעם פארשטעהערס פון אונזער הייליג טריבונאל.

**גראציע:** אזוי איז גוט, אונזער קירכע פערלאנגט פון אונס איינע הייליגע טהאט. (ביידע אב).

(גיאזעפע. יואנא).

**יואנא:** דו האסט איבערגענומען דיא מאם, דו גרויסער העלד דאן גיאזעפע. —

**גיאזעפע:** נו, קום אהיים, וועט שוין אלעס גוט זיין (פון זאל זעהר בעלייכטעט).

**יואנא:** (קוקט אין זאאל) זעה נור, אזוי וויא ביי דיא פראסטע מענשען געהט

מען שלאפען, אזוי געהט מען ביי זיי עסען, ועהסטו כמעט אויסגעטהון פארלעכוייז, ועהסטו דיא קעניגין געהט מיט מאראלעס. דער קעניג פיהרט דיא שעהנע מרים, א מאדע ביי זיי געהט קיינער נישט מיט זיין איינגען ווייב, א פערגניגען!

**גיאזועפע:** דוא דארפסט דיך נישט לערנען אזאלכע זאכען, קום אהיים דא איז פינסטער מען פינטעלט מיט דיא אויגען, בנאמנות איך בין דאך א אלטער מאן א חכם, אונ איך האב פונדעסטוועגען פערשטאנען אונ האב גענומען א יונג ווייבעל, וייל איך האב פערשטאנען אז אהן א ווייב איז שלעכט, ס'איז נישט דא וועמען גוט מארגען צו זאגען, ס'איז נישט דא וועך עם זאל א קנעפיל צו נייען!

**יואנא:** אזוי, נור צוליעב דעם, צוליעב א קנעפיל האט מען חתונה?

**גיאזועפע:** איך קען נישט לייקענען, ס'איז נאך דא א שטיקעל ווינאדע אבער צרות אויך.

**יואנא:** ביא איהם איז נור דאס ווייב, אונ דאס ווייב — ביא אנדערע איז א פערגניגען מען האט קינדערליך נאך דער חתונה מען ציהט זייא אויף מען האדעט זייא, מען שפיעלט זיך מיט זייא, אונ ער וויל נור איך זאל זיך מיט איהם שפיעלען.

**גיאזועפע:** געוויס נור מיט מיר דארפסטו דיך שפיעלען! (ביידע זינגען דועט)

**ער:**
ואס טויג מיר קינדער איך דארף זייא
אויף שיינע ריינע כפרות,
אויף דער עלטער וועלען מיר ביא זייא זיין
אויף גרויסע צרות.

**זיע:**
ניין עס איז א פערגעניגען צו האבען קינדערלעך
מען טהוט אן פון זייערע חכמות
פון דיא ווינדעלעך,
מען ציהט זייא אויף, מען האדעט זייא אויף
דערנאך האט מען זייא חתונה געמאכט
אונ פון דיא קינדער נאך קינדס קינדער
אוי איז דאס א פראכט (בים: עס איז א פערגעניגען).

**ביידע:** עס איז א פערגעניגען.



**זיע:**
אבער מיר אליין וויא א שטיין
פע עס איזט נישט שעהן,
אויף דער עלטער און א גרויס ווינדער
מען האט א ציישפאר ביא דיא קינדער.

**ער:**
מיט טאטע מאמע שעהמט מען זיך
מען שיקט זייא שלאפען אין דער קאלטער קעך.

**ביידע:**
איידער קישען קינדערלעך פיטשע פיטשע פיטשעניונקאלעך
קישען וועל איך בעסער מיין ווייבינונקאלע.
(בים: טאנץ אב).

גראציע. גאנזועלא.

(וועהרענד מוזיק שפיעלט, שפריכט אלעס ביז אויף צייכען צום געזאנג נומער).

**גראציע:** היער איז דונקעל, פון דאנען איז זעהר גוט צו בעאבאכטען... מען שטעהט שוין אויף פון דעם טיש, חה חה זייא האבען געגעסען און געטרונקען, און גאטעס דיענער גראציע האט געווארנט פאר דיא הייליגע זאכען... גאט! ער געהט אהער אליין — דיא ענגלען אין הימעל העלפען אונז גאנזעלא זייא פארבערייטעט, א גאלדענע טהאט זאל מיט דעם גאלדענעם שווערד ערפילט ווערען. (ביידע פערשטעקען זיך).

(מאראלעס, מיט בעדעקטען קאפף).

**מאראלעס:** דא איז דונקעל, אבער אין דער פינסטערניס איז זעהר אנגע-נעהם ווען א מענש וויל בלייבען מיט זיינע געדאנקען, אה מרים ווען דוא זאלסט וויסען ווי איך ליידע... (ערהערט גערויש פון גראציע) וואס איז דאס?

**גראציע:** איך בין עס דאן פאטריקא גראציע.

**מאראלעס:** וואס פערלאנגט איהר פאן מיר (זוכט די שווערד).

**גראציע:** (חאפט איהם ביי די הענד) מיר דיא טרייע דיענער גאטעס פער-לאנגען דאס נור דער ליעבער גאט זאל הערשען אויף דער וועלט און אלע זיינע פיינדע אונד געגנער זאלען אויסגעראטעט ווערדען, געצער-דיענער דער הייליגער טריבונאל האט דיך צו טויד פערור-טיילט, און דוא זאלסט שטערבען.

(גאנזועלא שטעכט איהם מיט סעבאסטיאן'ס שווערד, לאזט ליעגען דיא שווערד אין לופט אב. אויף מאראלעס לעצטע געשרייא ערשיינט אפיציער).

**אפיציער:** ווער האט דא געשריען? הא וואס איז דא אזוי פינסטער? (אב)

(סעבאסטיאן שפריכט אויפגערעגט. מוזיק שפיעלט).

**סעבאסטיאן:** דא ערגעץ האב איך מיין גאלדענעם שווערד אוועק געווארפען (זוכט) וויפיעל ליכט איז דא פריהער געוועזן און יעצט איז פינסטער גראדע וויא אין מיינער זעעלע! עס וואר זעהר אונבעוואגען פאן מיר דעם קעניג'ס געשענק וועקצושמייסען (ערהערט טאדעס קרעכץ פון מאראלעס) וואס איז דאס? (פאנגט אן צו זינגען) וואס זעה איך איז עס קיין טרוים? גאט שטעה מיר ביי!

(אפיציער ערשיינט).

**אפיציער:** (זינגט) מארד! מארד! מארד!
סעבאסטיאן'ס שווערד מיט בלוט!
שנעלער ליכט גיבט אהער! (קאהר ערשוינט).

**קאהר:** מארד מארד וואס זעהען וויר,
איין מארד דא געשעהען,
אונזער מאראלעס איז טויד,

**סעבאסטיאן:** מאראלעס מיין גאט! ערמארדעט יעצט,
וויא שרעקליך איז דאס, איך בין פערווירט
א גאט שטעה מיר יעצט ביי און שטיצע מיך
ערבארמען! מיין גוטער גאט —
זייא מיר גנעדיג. (קעניג ערשיינט)

**קעניג:** וואס איז געשעהען ערקלעהרט מיר
א שנעלער שפריכט וואס איז געשעהן
ווער האט צערשטערט אונזער פעסט?

**קאהר:** איין מארד איז יעצט געשעהן,
מאראלעס איז טויד,
אך א שרעק א מארד טהאט קעניג!

(אמבראזיע ערשיינט בעטראכט מאראלעס'!).

**קעניג:** (זינגט) אך מאראלעס ערמארדעט
שמיעדעט איהם אין קעטען גלייך
וואס האסטו יעצט געטהון,



דיא וואהרהייט שפריך
זאוואס ערווארטען, ווער האט עס געדענקט
פאטער אמבראזיע! גיבט עס קיינע האפנונג מעהר!

**אמבראזיע:** א קעניג עס גיבט קיינע האפנונג מעהר,
פריינד מאראלעס איז טאד,
געשיעדען אויף אימער איז ער פאן אונז.

(און צווישען מוזיק נעמט אוינעם פון קאהר זינגט צו איהם אקארט).

א מיינע ברודער יהודה מיר האבען
יעצט נאר דאס צו טהון,
פון קלאסטער איהם צו נעהמען,
און צו קבר ישראל
איהם אזוי נור ברענגען. (געהט אב קומט מיט מרים).

**קאהר:** שלעפט איהם גיך אוועק פון דאנען,
נעמט דעם מערדער, נישט געשטאנען,
ער האט איהם ערמארדעט
בעשטראפען דארף מען איהם דעם מערדער
איהם טעטען איהם טעטען זאפארט.

**סעבאסטיאן:** ניין נישט איך בין שולדיג ניין נישט איך
אך פערלארען יא רעטונגסלאז פערלארען
פערברעכער בין איך יעצט א וועלכע שמאך,
אונשולדיג בין איך יעצט א קעניג ערלויב עס מיר,
הערט מיך אלע וואס איך אייך זאגע
דיא וואהרהייט איז עס נור גלויבט
אונד נון זאל געשעהן גאטעס ווילען
ריין זינד מיינע הענדע דאס שווערע איך אייך
ריין זינד דיעזע הענדע פון דיעזען מארד
ריין זינד מיינע הענדע דאס שווער איך ביי גאט.

**קאהר:** הערט אלע דעם מערדער'ס ליעגען וואס ער זאגט
מאראלעס איז דורך איהם טאד
א גוטער מענש וואס פאר איין ענדע,

בּוּנְד אִיהם אִין קֶעטֶען,
מִיט דִיא פִּים אִיהם טְרֶעטֶען,
שְׁלֶעפְּט אִיהם גִיךְ אַוֶעק פוּן דַאנֶען,
שְׁמִיעדֶעט אִיהם שְׁנֶעל אִין קֶעטֶען,
טְרַייבֶּען אִיהם פָאְרט, פָאְרט פוּן דַאנֶען,
אִיהם פֶערְיָאגֶען צוּם טוֹיד שְׁלָאגֶען,
שְׁלֶעפְּט אִיהם וֶועק פָאְרט פָאְרט. (פאזיציאן)

## (פ א ר ה א נ ג).

ענדע דעם צווייטען אקטעם.





# III. אַקְט.

(טראָהן, זאַל ביים קעניג, אונ געריכטס-האָפבעאמטע).

(ריכטער. קעניג. קעניגין. קאָהר).

קאָהר: (זינגט) פִיר דֶעם קֶענִיג אוּנ פִיר אוּנְזֶער לַאנְד
בֶּעטֶען מִיר דָא אַלֶע יֶעצְט,
גָאט גִיבּ אִיהם גֶעזוּנְד אִין יָאהרֶען פִיעל,
גְלִיק אוּנ זֶעגֶען אוֹיף אַלֶע וֶועגֶען,
הָאךְ לֶעבֶּע אוּנְזֶער קֶענִיג, אוּנְזֶער שִׁיצֶער
פוּן אוּנְזֶער לַאנְד,
הָאךְ לֶעבֶּע דָאס לַאנְד (בּיס).

קעניג: (פּראָזאַ) מַאן בְּרִינְגֶע דֶעם בֶּעשׁוּלְדִיגְטֶען (דיענער אב קומען מיט סעבאסט.) דָאן סֶעבַּאסְטִיַאן, דוּא בִּיזְט בֶּעשׁוּלְדִיגְט אַם 17 סֶעפְּטֶעמְבֶּער דֶעם בֶּעוואוּסְטֶען גֶענֶעַראל מַאַראלֶעס עֶרְמָארְדֶעט צוּ הָאבֶּען, בֶּעקֶענְסְט דוּא דֵיינֶע שׁוּלְד?

סעבאסטיאן: אִיךְ בִּין אוּנְשׁוּלְדִיג, מַאיֶעסְטֶעט!

קעניגין: יֶעדֶער בֶּעשׁוּלְדִיגְטֶער הָאט דָאס רֶעכְט אֵיינֶעם פוּן אוּנְזֶערֶע יוּרִיסְטֶען זִיךְ צוּם פֶערְטֵיידִיגֶער צוּ וֶועהלֶען.

סעבאסטיאן: מַאיֶעסְטֶעט! נִיכְט אֵיין אַדְוָואקַאט זָאל מֵיין פֶערְטֵיידִיגֶער זֵיין פִיר מֵיינֶע אוּנְשׁוּלְד – נוּר פִיר ווִירְקְלִיכֶע פֶערְבְּרֶעכֶער זִינְד יוּרִיסְטֶען גֶעשַׁאפֶען, אִיךְ בִּין קֵיין פֶערְבְּרֶעכֶער!

קעניג: זָאל מֶען דֶען עֶרְשְׁטֶען צֵייגֶען פָארְפִיהרֶען (דיענער אב קומט מיט אָפיציר).

אפיציער: אִין יֶענֶע שְׁרֶעקְלִיכֶער נַאכְט בִּין אִיךְ גֶעוֶוען וַואכְאָפִיצִיעֶר, אִיךְ בִּין וֶעהר אָפְט גֶעגַאנְגֶען פַאר דֶעם קֶענִיגְס אַפַּארְטֶעמֶענְט אִין גַארְטֶען

און וֶוען אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען אַיינְלַאדֶען דִיא גֶעסְט צוּם טִישׁ הָאבּ אִיךְ בֶּעמֶערְקְט וִויא דָאן סֶעבַּאסְטִיַאן אוּן דֶער גַאטְזֶועלִיגֶער מַארַאלֶעס הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ וֶועהר אַ פֵיינְדְלִיךְ גֶעשְׁפְּרֶעךְ גֶעפִיהְרְט, בֵּיידֶע מֶענֶער הָאבֶּען שְׁוֶוערְדֶע גֶעצָאגֶען, אַבֶּער דָאנַא מַארְיֶע הָאט זִיךְ צְווִישֶׁען זֵייא גֶעוָוארְפֶען אוּן הָאט אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן: סֶעבַּאסְטִיַאן! בֵּייא דִיעֶזֶעם וָוארְטֶע הָאט דֶער בֶּעשׁוּלְדִיגְטֶער זֵיין שְׁוֶוערְט וֶועג גֶעוָוארְפֶען, מִיט אַ צֵייט שְׁפֶּעטֶער נָאךְ דֶעם אַבֶּענְדְמַאהל, הָאבּ אִיךְ דֶערְהֶערְט אִין גַארְטֶען אַ שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעשְׁרֵייא וֶוען אִיךְ מִיט מֵיינֶע לֵייטֶע זֶענֶען אַהִין גֶעקוּמֶען הָאבֶּען מִיר גֶעפוּנֶען דָאן מַארַאלֶעס טָאדְט — עֶס וַואר גֶעוִוים אַ מֵייכֶעל־מָארְד, אִין דֶער וואוּנְדֶע הָאט גֶעשְׁטָאכֶען סֶעבַּאסְטִיַאנְס גָאלְדֶענֶע שְׁוֶוערְד, וֶועלְכֶעס עֶר הָאט דֶעם זֶעלְבֶּען אַבֶּענְד פוּן זֵיינֶער מַאיֶעסְטֶעט עֶרְהַאלְטֶען! סֶעבַּאסְטִיַאן אִיז גֶעלֶעגֶען נֶעבֶּען דֶעם טוֹיטֶען קֶערְפֶּער פֶערְווִירְט אָהנֶע הוּט, זֵיינֶע קְלֵיידֶער אוּן הֶענְדֶע וַוארֶען מִיט בְּלוּט בֶּעפְלֶעקְט.

קעניגין: וִויא אַזוֹי, סֶעבַּאסְטִיַאן, הָאסְטוּ גֶעקֶענְט זָאוַואס טְהוּן?

סעבאסטיאן: מֵיינֶע הֶענְדֶע אוּן קְלֵיידֶער וַוארֶען מִיט בְּלוּט בֶּעפְלֶעקְט. דָאס אִיז וַואר — דָאס אִיךְ מִיט מַארַאלֶעס'ן אַיין פֵיינְדְלִיךְ גֶעשְׁפְּרֶעךְ גֶעפִיהְרְט הָאבּ, דָאס אִיזְט אוֹיךְ וַואהר, אָבֶּער דָאךְ בִּין אִיךְ נִישְׁט דֶער מֶערְדֶער פוּן מַארַאלֶעס'ן, אַייעֶרֶע צֵייגֶען זֶענֶען מֶענְשֶׁען, מַיין צֵייגֶע אִיזְט גָאט!

קעניג: מֶען זָאל דֶען צְוֵוייטֶען צֵייגֶען רוּפֶען. (גיאזעפע קומט ערשראָקען).

גיאזעפע: עֶרְבַּארֶעמְט אֵייךְ אִיבֶּער מִיךְ, אִיךְ בִּין נִישְׁט שׁוּלְדִיג.

העניג: רוּהִיג! קֵיינֶער בֶּעשׁוּלְדִיגְט דִיךְ נִישְׁט.

ריכטער: שְׁוֶוער אַז דִיא וֶועסְט זָאגֶען דִיא רֵיינֶע וַואהְרְהֵייט וִויא פָאר דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען גָאט!

העניג: (צייגט אויף סעבאסטיאן) קֶענְסְט אִיהם?

גיאזעפע: אוֹיבּ אִיךְ קֶען אִיהם? עֶס אִיז דָאסְזֶעלְבֶּע וִויא מֶען זָאל פְרֶעגֶען אַ מֶענְשֶׁען צִי עֶר קֶען זַיין אֵייגֶענֶע נָאז! — אַ אֵייגֶענֶע נָאז אוֹיבּ זִיא אִיז נִישְׁט שְׁטַארְק אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען זֶעהט מֶען זִיא נוּר דוּרְךְ דֶעם שַׁאטֶען, אוּן אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעזֶעהן כִּמְעַט יֶעדֶען טָאג, אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעקָאנְט וֶוען עֶר הָאט נָאךְ נִישְׁט גֶעטְרָאגֶען דִיא אָפִּיצִיעֶרְסְקֶע הוֹיזֶען:



קעניג: וַוייסְטוּ עֶפֶּעס וֶועגֶען מָארְד?

גיאָזעפע: יָא! אִיךְ וַוייס אַז דֶער עֶרְמָארְדֶעטֶער מַארַאלֶעס אִיז עֶרְמָארְדֶעט גֶעוָוארֶען אוֹיף טוֹידְט!

קעניג: און וֶוער הָאט אִיהם עֶרְמָארְדֶעט?

גיאזעפע: אִיךְ בְּרֶעךְ מִיר דֶעם קָאפּ שׁוֹין שְׁטוּנְדֶען לַאנְג, אוּן קֶען נִישְׁט טְרֶעפֶען וֶוער עֶס הָאט אִיהם עֶרְמָארְדֶעט, — אָבֶּער דוּא זָאלְסְט נִישְׁט קֶענֶען אוֹיסְגֶעפוּנֶען אִיז מִיר טַאקִי אַ חִדוּשׁ!

קעניג: וַוארֶען פִילֵייכְט אוּרְזַאכֶען וֶועלְכֶע זָאלֶען אוֹיפְרֵייצֶען דַיינֶען הֶערְן גֶעגֶען מַארַאלֶעס?

גיאזעפע: דִי עֶרְשְׁטֶע אוּרְזַאכֶע אִיז אַ יוּנְג, שֶׁעהן וַוייבֶּעל!

ריכטער: (צו די איבריגע) אִיהר הֶערְט?

גיאזעפע: וֶוער עֶס הָאט אַ שֵׁיין וַוייבֶּעל אִיז הַיינְט נִישְׁט זִיכֶער מִיט דֶעם לֶעבֶּען!

ריכטער: הָאט מַארַאלֶעס גֶעהַאט אוּרְזַאכֶע צוּ אֵייפֶערְן?

גיאזעפע: אֵייפֶערְזִיכְטִיג! פוּנ'ם זִינֶען קֶען מֶען פוּן זֵייא אַרָאבּ, גֶעהַסְטוּ מִיט דַיין וַוייבּ אִין גַאס — קוּקֶען זֵייא, עֶס הֵייבְּט זִיךְ אָן מִיטְ'ן קוּקֶען עֶס לָאזְט זִיךְ אוֹיס מִיטְ'ן קוּקֶען!

קעניג: גֶענוּג, בְּרֶענְגְט דִיא וַוייטֶערֶע צֵייגֶען. (יואנא קומט.) שְׁוֶוער מֵיין קִינְד, אַז דִיא וֶועסְט זָאגֶען דֶעם אֱמֶת, וָואס וַוייסְטוּ אִין דִיעֶזֶער מָארְד־אַנְגֶעלֶעגֶענְהֵייט?

יואנא: עֶנְטְשׁוּלְדִיגְט אִיךְ בִּין אַ יוּנְגֶע פְרוֹי, אִיךְ וַוייס נִישְׁט אֶפְשַׁר פַּאסְט נִישְׁט פַאר אַ יוּנְגֶע פְרוֹי?

קעניג: קֶענְסְטוּ דֶעם בֶּעשׁוּלְדִיגְטֶען?

יואנא: עֶר אִיז נִישְׁט שׁוּלְדִיג, אִיהר מֶעגְט מִיר גְלֵייבֶּען.

העניג: אִיךְ פְרֶעג דִיךְ, קֶענְסְטוּ אִיהם?

יואנא: אוֹיבּ אִיךְ קֶען אִיהם! וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ אַזַא יוּנְגֶעל הָאבּ אִיךְ מִיךְ מִיט אִיהם שׁוֹין גֶעשְׁפִּיעלְט!

גיאזעפע: אִיךְ וָואלְט עֶס נִישְׁט בֶּעדַארְפְט עֶרְלוֹיבֶּען.

יואנא: עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטֶענְדִיג אַ גוּטֶער, אַ שְׁטִילֶער, אַ... פְלִיג אוֹיף דֶער

וואנד האט ער נישט זאטשעפעט, מען דארף זיין בלינד און משוגע צו גלייבען אז ער האט א מענשען ערמארדעט!

**קעניגין:** ווייסטו נישט, אפשר האט איהם איינע פערברעכערישע ליעבע געטריעבען צו דעם פערברעכען?

**יואנא:** עדלע מענשען נעמען אליין אן די כפרה פאר זייער ליעבע זייא זיפצען קרעכצען, זייא קוקען אויף דער לבנה, אבער זייא טהון קיינעם קיין שלעכטס איבער זייער ליעבע, גלויבט מיר ער איז אונשולדיג!

(דיענער רופט גראציע).

**קעניג:** דאן פאטריקא גראציע, איהר זייט איינער פון דיא וויכטיגסטע צייגען אין דעם פראצעס.

**גראציע:** איך וועל מיך גליקליך שעצען, אויב איך וועל קענען מיט מיינע קליינע קרעפטע דער וואהרהייט דיענען, איך שווער איך וועל אלעס ריכטיג ערצעהלען.

**קעניגין:** איך מוס אייך אויפמערקזאם מאכען מיינע העררן, דאס דיעזער צייגע ערצעהלט אונגלייביגע זאכען פון מיינער יונגענד פריינדין וויטווע מאראלעס!

**גראציע:** איך צווייפלע נישט, דאס אליין דאנא מאריע וועט נישט וואגען מיינע ווארטע אבצולעגען, זאל מען זיא אליין פרעגען.

**קעניגין:** זיא איזט זעהר קראנק, איך פערלאנג מען זאל זיא פון דיעזער שווערער לאסט בעפרייען.

**קעניג:** ענטשולדיגע, איהרע איינענע עהרע פאדערט זיא זאל אליין ערשיינען און אלעס פארערצעהלען, זאל מען זיא רופען. (דיענער אב).

**יואנא:** זעה, ער שטעהט נעביך קוים אויף דיא פיס.

**גיאזעפע:** מען וועט איהם אויפהענגען וועלען זיך זיינע פיס שוין אויסרוהען.

(מרים קומט מיט דיענער).

**קעניגין:** ארמעס קינד! דוא פיהלסט דיך זעהר שלעכט איך ערלויבע דיר נעבען מיר צו זעצען.

**מרים:** דאנקע מאיעסטעט (בלייבט שטעהען)

**קעניג:** דאנא מאריע קענסטו דעם מאן?

**מרים:** יא...!



**קעניג:** ער איז בעשולדיגט, דיינען מאן ערמארדעט צו האבען גלויבסט דוא עס?

**מרים:** עס איז מיר זעהר שווער צו גלויבען אז דאן סעבאסטיאן דע סע-ווילא זאל איין מערדער זיין, אבער נאך שווערער איז מיר צו גלויבען דאס ווען ער ווירקליך דיעזען מארד בעגאנגען האט, קיין מוטה האבען זאל, דיעזעס אפען צו געשטעהען, אונד אהנע פורכט דיא שטראפע צו ערווארטען!

**סעבאסטיאן:** דאנא מאריע איך בין אונשולדיג!

**מרים:** עס איזט וואר, ניכט ער האט דיעזען מארד, דיעזען שענדליכען מארד בעגאנגען.

**קעניג:** איינינע צייגען בעהויפטען, דאס דער בעשולדיגטער האט געוואגט דיך צו פערפאלגען מיט א פערברעכישער ליידענשאפט, עס טהוט מיר זעהר לייד, אבער דוא ווירסט איינינע פראגען בעאנט-ווארטען מיסען, שווער דאס דוא ווירסט דיא ריינע וואהרהייט זאגען

**מרים:** שווערען... איך... אונד דאן אלעס, וועגען אונזער פערהעלטניס ערצעהלען — דאך זאל איך אפען געשטעהען, דאס ער האט מיך געליעבט — אבער ניין ניין! ער איזט קיין מערדער, און ווען איך זאל זאגאר מיט מיין לעבען פאר מיין גלויבען בעצאהלען וועל איך דאך נישט שווערען — מיין לעבען האט קיין ווערטה!

**קעניגין:** זעהט וויא בלאס זיא איז מיר האבען גענוג צייגען אהנע איהר!

**גראציע:** זאל מיר ערלויבט זיין צו זאגען דאס מיינע בעווייזע ערשט דאן איין ווערטה האבען, ווען דאנא מאריע ווירד דיא וואהרהייט זאגען, וועגען איהרע פערהעלטניסע מיט דאן סעבאסטיאן דע סעווילא!

**קעניגין:** איך ווייס דיא וואהרהייט וועגען דיעזע פערהעלטניסע, און איך דיא קעניגין פאן קאסטיליען קאן שווערען, דאס זיא איזט ריין, אונשולדיג ריין.

**קעניג:** דעסטא בעסער ווירד עס זיין ווען זיא אליין ווירד דיא וואהרהייט געשטעהן, שווערע ביים היילינען עוואנגעליאם!

**מרים:** שווערען ביים היילינען עוואנגעליאם, עס וועט זיין א בעטראג, ווען

איך וועל דאס טהון איך קען נישט שווערען דען עס איזט מיר פערבאטען!

**אלע:** וואס בעדייטעט דאס?

**מרים:** דאס בעדייטעט, איך בין איינע יודין, און דער גאט פון יודישען פאלק איז אויך מיין גאט...

**קעניג:** יעצט קען איך איבער דיין אורטייל נישט מעהר ענטשיידען, דוא געהערסט צו דער אינקוויזיציאן — דאן פאטריקא גראציע מעגע פיר דיינע זעעלע זארגען.





## פערוואנדלונג.

(קארידאר אין קעניגליכעם פאלאץ, מרים ווירד געפיהרט דאמען, דיענער, קאהר, ארגעל).

**מרים:** אלע בעטען דארט גאט, ער זאל זייא פערגעבען די ערניעדריגונג דורך מיר, דורך איינע אונווירדיגע יודין, דאכט זיך די יודען זענען אזוי קליין און שוואך, און גאט איז גרויס און שטארק, וויא קענען מיינע רייד פאר איהם אזוי געפעהרליך זיין — איהר הערט! אים נאמען גאטעס קלינגט זייער געבעט־ליעד אזוי זיעס! אזוי מילד! און אים נאמען פון דעם זעלבען גאט זענען זייערע טהאטען אזוי שלעכט און גרויזאם, איך וויים — באלד וועלען קומען די שווארצע מענשען נאך מיר, מען וועט מיך מארטערן, אום פאן גאט דער ליעבע (גערויש) זייא קומען שוין נאך דער זינדיגער יודין!...

(איפטריט קעניגין. מרים פאלט צוריק).

**העניגין:** (צו דיא דאמען) פערלאסט אונז (דאמען אונד דיענער אב) גאט אין הימעל! ביזטו ווירקליך איינע יודין? מאריע!

**מרים:** יא מאיעסטעט! איך וואגע יודין צו זיין.

**העניגין:** איינער יודין האט די קעניגין איהרע פריינדשאפט געשענקט אה וועלכע שאנדע! אבער ווארום האסטו מיר פריהער די וואהר־הייט נישט געזאגט?

**מרים:** איך האב נישט געוואלט פערליערען די פריינדשאפט פאן דער קעניגין.

**העניגין:** מאריע! ווייסט דוא באלד וועט דיך די היילינע אינקוויזיציאן פארדערן, וועה, זייא וועלען דיך זעהר מארטערן!

**מרים:** אונזער עוויגעם שיקזאל איז, געפלאגט אונד געמארטערט צו ווערען.

**העניגין:** פערשפרעך מיר יעצט דיין גלויבען צו פערלאסען, דאן ווערדע איך טראכטען דיך צו רעטען.

**מרים:** ניין מאיעסטעט איך וועל אלס יודין שטערבען, און זאגאר ווען אייער גלויבען זאל מיר גליק פערשאפען, העטע איך עס מיר אויך נישט ערלויבט.

**העניגין:** דומעס קינד! דאס געריכט האט זיינע ויצונג פערשאבען פיליייכט וויעד מאן איהם אונשולדיג פינדען, דאן קענסטו מיט דיין געליעבטען גליקליך זיין.

**מרים:** ניין קעניגין, דער וואס פערשטאסט זיין גלויבען צוליעב פערזעהנ־ליכען גליק, דער פערדיענט נישט גליקליך צו זיין!

**העניגין:** דיא זאגסט נור דאפיר ווייל זייט דיינער פריהעסטען קינדהייט האט מען דיך געלערנט אונז צו האסען, איך וועל דיך איבערגעבען איינעם, וועלכער וועט דיך לערנען אונזער גלויבען ליעבען! (קלאפט מיט דיא הענד) הער ווער איזט דארט? זאגט, דער פאטער אמבראזיע קען שוין אריין קומען.

(אויפטריט אמבראזיע).

**מרים:** (פריידיג) אמבראזיע א גוטער גאט!

**קעניגין:** איז דיר דער מאן בעקאנט? דוא וועסט דיך איבערציייגען דאס עס איז איינע עהרע מיט זא א געטריכען מאן צו איין גלויבען צו געהערען!

**אמבראזיע:** קעניגין! איך האפע זיא וויעד מיינע גלויבענס־גענאסין זיין.

**קעניגין:** מיט דיעזער האפנונג פערלאז איך אייך! (אב)

**מרים:** פאטער אמבראזיע, דיא קעניגין האט רעכט עס איז איינע עהרע מיט אייך צו איין גלויבען צו געהערען!

**אמבראזיע:** שא... מרים! דוא האסט הייטע א גרויסען פעהלער געמאכט פיעל פון אונזערע ברודער וועלען דורך דיר ליידען, דיא שרעקליכע אינקוויזיציאן וועט באלד וועלען אויף דיר דיא שווארצע האנד לעגען, דאס איינציגע מיטעל איז, איך זאל דער קעניגין זאגען דאס דו ווילסט דיין גלויבען פערלאסען — פיליייכט וויעד עס העלפען? איך זאגע פיליייכט, ווייל דיא אינקוויזיציאן וויעד דיך דאך פארדערן, וויעד



ניכט די קעניגען ניכט קיינע מאכט אין דער וועלט אים שטאנדע זיין דיך צו רעטען (גערויש) וועה מיר! איך האב מורא עס איז שוין שפעט.

(גראציע, גאנזעלא, 2 מאסקירטע מענער)

**גראציע:** דער היילינגער טריבונאל, פארדערט דיא זינדיגע יודין! היילינגער פאטער אמבראזיע זעגנעט מיך! (אמבראזיע זעגנעט איהם).

**אמבראזיע:** ברודער גראציע וויא איך פערשטעה וויל זיא איהר גלויבען פערלאסען!

**גראציע:** ווירקליך, דאס פרייט מיך! אבוואהל איהר קערפער וויעד צערשמעטערט און צעריסען ווערדען אין שטיקער ביז זיא וויעד אלעס ערצעהלען וואס דאס טריבונאל וויסען דארף, — אבער וואס איזט דער קערפער? אשע און ערדע! אם וועניגסטענס וויעד איהרע זעעלע גערעטעט זיין — נעמט זיא!

**מרים:** פאטער אמבראזיע! (מאסקירטע מענשען טראגען זיא, אב).

**גראציע:** (אבגעהענד) א געלאבט זייא גאט! איהר זינדיגער קערפער, בעלאנגט נאר צו דער העלע, איהרע זעעלע אבער וויעד זיין דארט אין הימעל! (אב).

**אמבראזיע:** עד מתי אלהים! דיין ארים פאלק וויעד געפלאגט, פערפאלגט, געיאגט און דיא שווייגסט? דיא וועלט איזט פערפלייצט מיט יודישע טרערען און מיט יודיש בלוט, און דיא שווייגסט? איך בעט דיך גאטיניו ענפער מיר, וויא לאנג נאך — עד מתי אלהים, עד מתי?





## פערוואנדלונג.

(דאסזעלבע בילד וויא אין פראלאג, אויפ'ן טיש ליעגט א טויטער קערפער, מרים אויף א האלצבעטעל זינגט עד מתי, נאך גנזאנג)

(גראציע, גאנזעלא.)

**גראציע:** אהא זיא ווייגט, דאס איז נישט שלעכט! טרערען שוואכען אב (ערבליקט דען קערפער) ווער איז דאס?

**גאנזעלא:** דאס איז איינער פון מאראלעס דיענער, ער האט נישט אויס־געהאלטען, היינט נאך האלבע נאכט וויררד פאטער אמבראזיע מיט זיינע דיענער איהם בעערדיגען.

**גראציע:** עדלער ברודער גאנזעלא, געה זעה אב מען האט שוין אהער געבראכט דעם פערברעכער סעבאסטיאן? איהם וויררד דיא זינדיגע יודין פיליייכט עטוואס פערטרויען!

**גאנזעלא:** (אבגעהענד) מיר שיינט ער זארגט מעהר פיר איהר שעהנעם קערפער, אלס פיר איהר זינדיגע זעלע!

**גראציע:** עס פרייט מיך זעהר שוועסטער מאריע וואס איהר האט ענדליך דיא וואהרהייט פון אונזער הייליג גלויבען בעגריפען, אייער זעעלע האט איהר שוין דאמיט געראטעט, אויב איהר ווילט, קענט איהר אויך אייער קערפער רעטען! איהר פערשטעהט?

**מרים:** איך פערשטעה, דאס יעדעסווארט וואס קומט ארויס פון אייערע אונרייגע ליפען איז אבשייליך און געמיין!

**גראציע:** (צייגט אויף דעם טויטען קערפער) איהר זעהט מאדאם, דאס איז איינער פון אייערע טרייע דיענער — דאסזעלבע ערווארטעט אייך אויך!

**מרים:** דאס איז קיין נייעס פיר מיך, איך וויים אז איך דארף פון אזעלכע מענשען וויא איהר אלעס ערווארטען.



**גראציע:** ווייא דאך ניכט דום, קינד! ווארום זאלסטו שמערצען ליידען? ווען דוא קענסט נאך געניעסען פריידע און פערגעניגען, ווארום זאל דיין שעהנער קערפער פערקריפעלט ווערען? ווען דיא קענסט דיר מיט דיינער רייצענדען שעהנהייט דיא פרייהייט קויפען, ווארום זאלסטו שטערבען, ווען דוא קענסט נאך גליקליך זיין און א אנדערן אויך גליקליך מאכען? א, דוא פערשטעהסט נישט וועלכע געפיהלע דוא האסט שוין פון לאנג אין מיין ברוסט ערוועקט!

**מרים:** (שטאסט איהם וועג) פארט פון מיר דוא העסליך נידריגער מענש, דוא האסט שוין לאנג אין מיר ערוועקט געפיהלע פון עקעל און פעראכטונג!

**גראציע:** פערגעס נישט, דוא ביזט אין מיינער מאכט, וועם קענסטו צו הילפע רופען?

**מרים:** אהער קען מיר קיינער צו הילפע קומען, אבער מיינע הילפע איז דא! זעהסטו — ווען דוא צו מיר נאך איין שריט נעהער קומסט, מאך איך איין ענדע צו מיינעם לעבען! (נעמט זיך דיא קעטען ארום דעם האלז).

**גראציע:** טייפעל! ווער האט דיר זא א לאנגע קעטע געגעבען? אלזא מיר וועלען זעהן, וויא לאנג זיא וועט נאך קענען זא בראוו זיין. (קלינגט, ריכטער קומען) דער הייליגער טריבונאל ערעפענט דיא זיצונג — אונרייגע יודין! טרעטע פאר, דער הייליגער טריבונאל פאדערט דוא זאלסט אויף איינינגע פראגען אנטווארט געבען, ווירסטו אבער הארטנעקיג זיין, זא האבען וויר נאט זייא דאנק גענוג מיטעל דיך צווינגען צו רעדען, זאגע, האט דער ערמארדעטע מאראלעס געוואוסט דאס דוא איינע יודין ביזט?

**מרים:** וואס דער געוואוסט, אדער נישט געוואוסט האט, זאל מען איהם געהן פראגען!

**גראציע:** איהר הערט וואס פיר איינע פרעכע אנטווארט? — אלע זיינע דיענער האבען מיר געפאלטערט, און עס איז אונז דאך נישט געלונגען צו ערפאהרען, וועלכע נאך פון דיא וואס מאסקירען זיך אלס אנדערס־גלייביגע, אין דער ווירקליכקייט אבער, יודען זינד!... (סעבאסטיאן וויררד אין קעטען הערייגעפיהרט, מרים בעמערקט נישט זיין קומען, גראציע גיבט איין צייכען מען זעצט איהם.) האט סעבאסטיאן דע סעווילא געוואוסט דאס

דוא ביזט א יודין? (שווייגט) ווייסטו פילייכט ווער עס וואר סעבאסטיאנ'ס פאטער?

**מרים:** ניין!

**גראציע:** איזט ער דיין געליעבטער?

**מרים:** איך גלויבע, דיעזעס איזט נישט דיא אויפגאבע פון א היילינגען טריבונאל צו וויסען!

**גראציע:** וויא לאנגע דויערען שוין אייערע פערברעכערישע, זינדיגע פערהעלטניסע?

**סעבאסטיאן:** ערניעדריגט נישט דען נאמען איינעס אנדערסגלייביגען אין דיא אויגען פיר דער אונשולדיגען יודין!

**מרים:** סעבאסטיאן!... עס האט מיך איבעראשט דא צווישען זייא צו זעהן איינען אנדערסגלייביגען, וועלכער פיהלט און דענקט וויא א מענש!

**גראציע:** סעבאסטיאן דע סעווילא, דוא וועסט רעדען ווען מען וועט דיר ערלויבען — יודין אנטווארטע! ווייסטו ווער עס וואר דער פאטער פון סעבאסטיאן?

**מרים:** איך ווייס נישט, אבער איך גלויבע, ער וואר געוויס איין עדעלמאן אבוואהל ער וואר איין אנדערסגלייביגער!

**גראציע:** זא דוא ווייסט נישט! און דיין געמאהל הערר מאראלעס וואר יודע אדער אנדערסגלייביגער? (שווייגט) וואר דיין מאן יודע אדער אנדערסגלייביגער? (שווייגט) א, זיא שווייגט, ברידער נעמט זיא אויף דעם פאלטערטיש (מרים ווירד אבגעפיהרט, סעבאסטיאן וויינט, גראציע גיבט א צייכען מען פיהרט איהם צו) נון, סעבאסטיאן, פערהאלט דיך רוהיג, און אנטווארטע אויף אונזערע פראגען, ביזטו איין אנדערסגלייביגער?

**סעבאסטיאן:** מעהר אלס יעדער איינער פון אייך!

**גראציע:** האסטו געוויסט אז זיא איז א יודין?

**סעבאסטיאן:** יא!...

**גראציע:** איזט זיא נישט מרים, דיא טאכטער פון הענריקא מענדוזא?

(מרים קרעכצט).

**סעבאסטיאן:** דאס ווייס איך נישט (ערשראקען) א, טהוט עס נישט, איך בעט אייך, טהוט עס נישט!



**גראציע:** וואר דיין פאטער אנדערסגלייביגער?

**סעבאסטיאן:** געוויס! (מרים שרייט לויט) וואס טהוט איהר דא? ווער זייט איהר? מענשען? אייער ערלעזער האט אויך געלערנט פערגעבען און פערצייהען אונזערע ערגסטע פיינדע, און איהר מארטערט און פאל־טערט, דיא, וועלכע טראגען צו אונז געפיהלע פאן פריינדשאפט, — שאנדע און שמאך, אויף דיא וואס האבען אזוי פערקריפעלט דיא לעהרע פון ברודער ליעבע און מענשליכקייט!

**גראציע:** הא הא הא איך האב געוואוסט אז מען וועט זיא מארטערן, ווירד ער רעדען, סעבאסטיאן! ביזטו שאהן לאנגע אין דער ליעבע מיט דער יודין? קענסט אונז זייער נאהמען געבען, (מרים גיט א שרעקליך געשריי)

**סעבאסטיאן:** א מערדער! פערברעכער! (ווארפט זיך צום טיש).

**גראציע:** (ערשראקען) פיהרט איהם פארט, די זיצונג איז פערטאגט!

(מען שלעפט סעבאסטיאן — מרים ווירד צוריקגעלעגט אויף איהר בעטעל, אלעס אב, ביהנע דונקעל).

(אמבראזיע, מאסקירטע מענער מיט פאקעל, איינינע טראגען א שווארצען זארג)

**אמבראזיע:** (געהט צו מרים) זיא לעבט גאט זייא דאנק... ש... ש...

**מרים:** (מיט שוואכע שטימע) דו! אה מיין פריינד! (חלישט)

**אמבראזיע:** (ציהט פון איהר אראב דעם מאנטעל, שלייער און טהוט אן דעם טויטען) מיין קינד שטארקע דיך און האב קיין אנגסט, אלס א טויטען וועלען מיר דיך פון דעם פינסטערן גרוב ארויס טראגען, און אלס אונזער גערעטעטע און געליעבטע מרים, וועלען מיר דיך ברענגען אהין, אין אונזער בליהענדען עמק הארזים איך בעט דיך זייא רוהיג און שרעק דיך נישט (איילט צום טויטען קערפער) ברודער! זייא אונז מוחל, דוא וועסט נישט קומען צו קבר ישראל, אדער דורך דיר וועלען מיר רע־טען א יודישע נשמה! תהי נפשך צרורה בצרור החיים!

**כאהר:** (זינגט) אדם להבל דמה ימיו כצל עובר.

(זייא לייגען שנעל דעם טויטען קערפער אויף מרים'ס בעטעל, אין מרים אין זארג, מען טראגט זיא ארויס, קאהר זיננט טרויריג).

**אמבראזיע:** (נאכגעהענד) גאטיניו! זיא איזט געטעטעט! זיא איז געטעטעט!...

**(פארהאנג).**

(ענדע דעם דריטען אקטעס).

~~~~~~
~~~~~~

**קעניג:** נעמט אראב די קעטען פון איהם! (געשיהט)

**אפיציער:** די הינריכטונג זאל פאלצאגען ווערדען. (מען הערט שרייען איינס צווייא...)

**קעניג:** עטוואס וויכטיגעס מוס געשעהן זיין!

(מרים ערשיינט אלס ריטער).

**מרים:** האלט! שטעהט! דער ריכטיגער מערדער איז געפונען, מען ברענגט איהם באלד אהער, היער איז דאס פאפיער דא איז געשריעבען, וואס דער ריכטיגער מערדער האט בעוויזען אין דער געגענווארט פאם היילינגען אמבראזיע און אנדערע צייגען (גיט דעם קעניג דאס פאפיער).

**גראציע:** אמבראזיע איז מעהר קיין היילינגער, ער איז אונטער א שווערען פערדאכט, דער היילינגער טריבונאל זוכט איהם! (מאן ברינגט גאנזועלא)

**גאנזועלא:** זאל הערען דער קעניג, זאל הערען דאס פאלק מאראלעס האב איך ערמארדעט!

**קעניג:** דוא?

**גאנזועלא:** יא! אבער דורך דעם הערן! (ווייזט אויף פאטריקא).

**מרים:** (צו סעבאסטיאן) יונגערמאן דוא ביזט גערעטעט!

**סעבאסטיאן:** א מיין יונגער רעטער, ווי זאל איך דיר מיינע דאנקבארקייט אויסדריקען?

**מרים:** איך דארף היער קיינען אונגענבליק פערזיימען אלעס ווירד דיר ערקלעהרט ווערדען, נור קום צווישען די געבירגע! (אב).

**קעניג:** פערהאפטעט דען מאן וויא אויך דען הערר פאטריקא גראציע.

(בעפעהל ווירד אויסגעפיהרט).





# IV אקט.

(גראסער פאלאסט, דאנעבען שטעהט איין הענקער מיט א האק, אויף דעם באלקאן ערשיינט קעניג, קעניגין, האפדאמען און האפהערען).

**אלע:** הורא! הורא!

(קאהר זינגט, קעניג גיט א צייכען, ערשיינט אפיציער מיט אקטען).

**אפיציר:** (לעזט) אם 17 סעפטעמבער פאריגען יאהרעס איזט אים קעניגלי־כען גארטען דאן פערנאנדא מאראלעס ערמארדעט ווארדען, אלע בעווייזע זענען געוועהן, אז דאן סעבאסטיאן דע סעווילא האט דעם מארד בעגאנגען, אבוואהל דער בעשולדיגטער וויל זיינע שולד ניכט אנערקענען, איז איהם דאך ביז היינטע נישט געלונגען זיינע אונשולד צו בעווייזען, דאדורך מוס היינטע דאס אורטייל פאן געריכט אויסגע־פיהרט ווערדען דער מערדער זאל לויט געזעץ געקעפט ווערדען.

**קעניג:** האט די היילינגע אינקוויזיציאן ניכט צו זאגען?

**גראציע:** אונזער היילינגער גענעראל אינקוויזיטאר טארקאווי מאדא אוי מיר אלע האבען בעשלאסען דעם פערברעכער איבער צו געבען אין די הענד פון דער ציוויל מאכט, און עס זאל געשעהן דער אקט פון גערעכטינגקייט...

**העניג:** סעבאסטיאן האסט נאך עטוואס צו זאגען?

**סעבאסטיאן:** נאך איין מאל זאג איך אז איך בין אונשולדיג און דארום בעט איך מען זאל פון מיר די קעטען הערונטער נעהמען, קריעגסמאן בין איך געוועהן, און ווארום זאל איך אלס געוועהנליכער מענש שטערבען? לעבען איז מיר מעהר נישט ערלויבט, אבער אלס פרייער מענש זאל מיר ערלויבט זיין צו שטערבען!



## פערוואנדלונג.

(האף נעבען סעבאסטיאן'ס הויז, אמבראזיע אלס ריטער).

**אמבראזיע:** מיט אונגעדולד האב איך אייך דא ערוואַרטעט, איך האב קיינע צייט, יעדע מינוט איז טייער, איך האב אייך זעהר וויכטיגעס מיטצוטיילען!

**סעבאסטיאן:** יא פאטער אמבראזיע איך האב אייך באלד ערקענט אבוואהל...

**אמבראזיע:** ש ש ש מיין זאהן! ניעמאנד דארף מיין נאמען וויסען!

**סעבאסטיאן:** וויא דער יונגער ריטער האט מיר ערקלעהרט, האבע איך אייך צו פערדאנקען וואס נאנעלא האט זיין שולד אנערקענט!

**אמבראזיע:** קורץ זא איז עס געשעהן, איך און דיין רעטער וויר האבען געאיילט אין דיא בערגע, אונטערוועגס איז אבער דער יונגער ריטער קראנק וואָרדען, ווייל ער וואר זעהר ערשעפּפט, האבען מיר געמוזט אין דארף איבער נאכט שטעהען בלייבען, אין דעם איינפאהר הויז זענען געוועזען א סך מענשען, צווישען זייא אויך נאנעלא, ער וואר זעהר בעזאפען און האט געפּראלט אין בעזאפענעם צושטאנד, אז ער ווייסט ווער עס האט מאראלעס'ן ערמארדעט, מיט גוטע ווארטע איז מיר געלונגען דיא וואהרהייט פאן איהם הערויס צו בעקומען, ער האט אלעס ערצעהלט, עס וואר אבער ווענעג צייט, דען דאס דארף ליעגט זעהר ווייט פון סעגאוויע, און עס וואר פערקונדעט דאס היייטע אום 12 אוהר ווירד דאס טאדעס אורטייל פאלצאגען ווערדען, דער קראנ־קער ריטער אבער, האט פערגעסען זיינע וואונדען און האט זיך שנעל אויפגעזעצט אויף איין פפערד און איז געפלויגען נאך סעגאוויע, מיר אלע זאפארט נאך — געדענקסטו ווען דיא אינקוויזיציאן האט געפרעגט נאך דיין פאטער?



**סעבאסטיאן:** איך ווייס נאר דאס, מיין פאטער איז פערשוואונדען.

**אמבראזיע:** דיין ארמער פאטער איז געשטארבען אין דעם וועלבען פינסטערען גראב, וויא מען האט דיינע אונגליקליכע מרים גע־מארטערט.

**סעבאסטיאן:** מיין פאטער! איזט עס מעגליך? וואר ער דען איין געצער?

**אמבראזיע:** עס איזט שוין צייט מיין קינד זאלסט וויסען דאס דיין פאטער יודע וואר!...

**סעבאסטיאן:** מיין פאטער יודע!

**אמבראזיע:** רוהיג מיין זאהן, דיא טראגסט אויף דיין האלז איין גאלדע־נעם אבצייכען, וועלכעס דוא האסט פון דיין פאטער?

**סעבאסטיאן:** יא! איך פערשטעה עס אבער נישט! (זוכט מעדאליאן).

**אמבראזיע:** דיין אבצייכען איז פון אלע זייטען געבראכען. דיין גאטזעליגער פאטער האט דיר פערשפּראכען, דאס מיט דער צייט, וועט ער דיר דיא אנדערע העלפטע פערטרויען, דיא אנדערע העלפט עבען ווירד דיר יעצט ערקלערט ווערען (לעגט עס צוזאמען) פון איין אנדערם צייכען איזט געווארען איין מגן דוד, דאס סימבאל פון יודענטהום! סעבאסטיאן דארט אין דיא געבירגע ווירד דיר אלעס רעסטליכע דייטליך ערקלערט ווערען — לעבע וואהל! (אב).

(גיאזעפע, יואנא ערשיינען מיט פעקליך).

**גיאזעפע:** איך זאג דיר, נעם דיר נור מיט, דאס וואס מען דארף, אונ גענוג!

**יואנא:** אונ טאקי וואס מען דארף — דאס דארף מען נישט!

**גיאזעפע:** טאקי דאס מיין איך דאך!

**יואנא:** נו, גענוג שוין! זאג בעסער פון וועמען האסטו דעם ויברח פון אמבראזיע?

**גיאזעפע:** שא — פאטער אמבראזיע איז אויסגעטרוקענט געווארען, אוי וועט אצינד זיין א גרויס רדיפות, מען וויל פון אונז ארויסטרייבען דאס ביסעל יודישקייט, נו, האט מען מכריז ומודיע געוועהן, אז אלע זאלען זיך תיכף אבטראגען, מיר וועלען זיך אלע פערזאמלען אין עמק הארזים

אבהאלטען דארט צום לעצטען מאהל דעם יום טוב סכות און נאך
דעם, אלע מארש נאך פארטוגאל!

**יואנא:** יא, מען דארף שאנעווען אלטע זאכען ואגסטו דאך!

**גיאזעפע:** יא, מען דארף שאנעווען אלטע זאכען, אבער מיינע פליישיגע
זאכען?

**יואנא:** עס איז אבער דאך מיינע קליידער!

**גיאזעפע:** איך וועל דיר מאכען אנדערע קליידער, ווארף אוועג דאס
פעקיל מיר האבען נעטיגערע פעקליך צו טראגען... אין עמק הארזים
וועלען מיר נעהמען אונזערע ספרי תורות, און דא האב איך טלית און
תפילין — זעהסטו דאס פעקאלע דארף דער יוד טראגען און נישט
מיעד ווערען!

**יואנא:** יא! האסט רעכט.

(גיאזעפע זינגט)

## דאס פעקעלע!

I.

זייט דעם אונזער לאנד איז פערלארען
ברענט נאך מעהר עשו'ס צארן
מיר וואנדערן און מען טרייבט אונז פון לאנד צו לאנד
ער לאכט ווען מיר טראגען דאס פערשימעלטע פעקעל
אבער א קרענק קען ער וויסען וואס דא ליעגט אים זעקעל
מיט אוצרות קויפען איז ער דאס נישט אימשטאנד,
חאטש מען טרייבט און מען יאגט
דאס יודעל געהט ווייטער און זאגט

רעפריין:

טראג דאס פעקעלע, יודעלע האב קיין מורא
אויף דיין פלייצעלע טראג און ווער נישט מיעד
טראג דאס פעקעלע יודאלע היט אב גאטס תורה,
זאלאנג דוא טראגסט דעם נאמען יוד
היט אב גאטס תורה — טראג דאס פעקעלע א. ז. וו.



II.

זיין פעקעל דערטאפט האט עשו גלייך
און זיין תורה צעריסען אויף פארך
א נייע תורה האט ער געוואלט דעם יוד אנהענגען
דער יוד האט די שטיקלעך צוזאמענגעקליבען
שטילערהייט דאס קיין אות איז איבערגעבליבען
ווייל גאנץ וויל ער זיין תורה אהיימברענגען
חאטש מען טרייבט א. ז. וו.

III.

פערווערט איז אלעס דעם יוד אים לאנד
יעדאך איז אלעס ביי איהם אין דער האנד
אייזענבאהנען, הייזער, בויען קאמערס איז נאר דער יוד
גאר פלוצים רייסט עשו ביי איהם אלעס אויס
און טרייבט איהם אין גאנצען פון דעם לאנד ארויס
אלדינג לאזט ער, נאר איינס, זיין פעקעלע נישט
חאטש מען טרייבט א. ז. וו.

IV.

ווי א דערלעבען מיר צו זיין שוין
אין אונזער הייליג לאנד ציון
דאס איז אונזער איינציג האפען און שטרעבען
אין בית המקדש פריי די תורה ליינען
פאר שמחה וואלט איך מיך געקענט אויסוויינען
איך האף אז ישראליק וועט דאס נאך דערלעבען
חאטש מען טרייבט א. ז. וו.





## פערוואַנדלונג. (עמק הארזים).

(אמבראזיע, רובין).

**אמבראזיע:** גוט יום טוב, רובין, גֶעה אין שוהל אַריין און בֶּערייטֶע אַלֶעס פָּאר (אב).

(סעבאסטיאן).

**סעבאסטיאן:** (אומארמט אמבראזיע) פְרֵיעדֶען צו דיר אַלְטֶער גוטֶער פְרֵיינְד, וָוא וַוארְסְט דוא פֶערְקְלֵיידֶעט, דָארְט אָדֶער דָא?

**אמבראזיע:** דָארְט הָאבֶּען מֵיינֶע קְלֵיידֶער פֶערְבָּארְגֶען וָואס אִיךְ בִּין, דָא אָבֶּער זָאגֶען דִיר מֵיינֶע קְלֵיידֶער, וָואס אונ וָוער אִיךְ בִּין!

**סעבאסטיאן:** אויךְ אֵיין יודֶע? וִויא פְרֵייט עֶס מִיךְ דָאס זָא אֵיין מַאן וִויא דוא, גֶעהֶערְט צו דֶען גְלויבֶּען מֵיינֶעם פַאטֶערְס!

**אמבראזיע:** יונְגֶערְמַאן, נִיכְט בְּלָאס צום גְלויבֶּען דֵיינֶעם פַאטֶערְס זָאנְדֶערְן אויךְ צו דֵיינֶער פַאמִילְיֶע, אִיזְט דִיר בֶּעקַאנְט, דָאס דֵיין פַאטֶער הָאט גֶעהַאט אֵיינֶען בְּרודֶער?

**סעבאסטיאן:** וֶועלְכֶען מֶען הָאט גֶערופֶען דָאן פֶערְנַאנְדָא דֶע סֶעוִוילַא.

**אמבראזיע:** פֶערְנַאנְדָא דֶע סֶעוִוילַא וַואר מֵיין פַאטֶער אִיךְ בִּין דֵיין אָנְקֶעלְס זוהן, אונְזֶער פַאטֶער הָאט אויךְ אֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער גֶעהַאבְּט!

**סעבאסטיאן:** אִיהר נָאמֶען וַואר דָאנַא בֶּעלַא!

**אמבראזיע:** יָא, זִיא וַואר דִיא פְרוֹי פון הֶענְרִיקָא דֶע מֶענְדוזֶע וֶועלְכֶער הָאט דִיעזֶען פְּלַאץ גֶעגְרִינְדֶעט און וֶועלְכֶער אִיז דֶער פַאטֶער פון דָאנַא מַארְיֶע!

**סעבאסטיאן:** מַארְיֶע!... זִיא אִיזְט מֵיינֶע קוזִינֶע, גָאט אִים הִימֶעל, אַבֶּער וָוא אִיזְט זִיא?

**אמבראזיע:** יָא, יונְגֶערְמַאן, דוא ווילְסְט נִישְׁט אַנְזֶעהן דֶעם יונְגֶען רִיטֶער וֶועלְכֶער הָאט זַיין לֶעבֶּען רִיזִיקִירְט דִיךְ צו רֶעטֶען?



**סעבאסטיאן:** אִיז עֶר אויךְ דָא? אָ וִויא גְלִיקְלִיךְ אִיךְ וֶועל זַיין אִיהם מֵיינֶע דַאנְקְבַּארְקֵייט אויסְצודְרוּקֶען.

**אמבראזיע:** זָא? אִיךְ גְלויבֶּע דֶעם יונְגֶען רִיטֶער ווִירְד עֶס אויךְ אַנְגֶענֶעהם זַיין... בַּאלְד, בַּאלְד, אַ יוגֶענְד — גְלִיקְלִיךְ בְּלִיהֶענְדֶע יוגֶענְד. (אב).

**סעבאסטיאן:** אויף דֶעמְזֶעלְבֶּען פְּלַאץ הָאב אִיךְ אַ מָאהל מִיט פֶערְאַכְטונְג גֶעשְׁפְּרָאכֶען פון דִיא יודֶען, אונ הֵיינְט בִּין אִיךְ אַלֵיין אַ יוד!

(אמבראזיע, מרים פערקליידעט אלס ריטער).

**סעבאסטיאן:** (לויפט אקעגען) אָ יונְגֶער פְרֵיינְד דוא הָאסְט מִיךְ פון טוידט גֶערֶעטֶעט! אונ אִיךְ... (מרים ענטקליידעט זיך) אָבֶּער מֵיין גָאט! זָאל אִיךְ מֵיינֶע אויגֶען גְלויבֶּען? אִיז עֶס קֵיין טְרוים?... דוא... מַארְיֶע?...

**אמבראזיע:** אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה, קִינְדֶער, אִיךְ בִּין דָא יֶעצְט אִיבְּרִיג, נו, אִיךְ וֶועל אֵייךְ נִישְׁט שְׁטֶערֶען, אִיךְ גֶעה אִין שוהל אַרַיין. (אב).

**מרים:** (בליקט אויף איהם שטאלץ) גֶעצֶער, אַנְדֶערְסְגְלֵייבִּיגֶער! בִּיזְט דָאךְ נִישְׁט מֶעהר וִויא אַ יוד!

**סעבאסטיאן:** אָה, דוא שְׁטָאלְצֶע יודִין, בִּיזְט נִישְׁט מֶעהר וִויא אַ הֶערְצֶענְס גֶעלִיעבְּטֶע, אָבֶּער יֶעצְט אִיז אַלֶעס פֶערְגֶעסֶען (אומארמונג, אב).

(גראציע אויף דיא געבירגע רעד צו די איבריגע).

**גראציע:** נֵיין, נֵיין, בְּלֵייבְּט דָארְט, דָא אִיז קֵיין וֶועג, דָא אִיז אֵיין אַבְּגְרונְד מֶען קֶען בְּרֶעכֶען דֶעם הַאלְז (קעהרט זיך אום, קוקט) זַייט רוהִיג, פַּאטְרִיקָא וֶועט דֶעם רֶעכְטֶען וֶועג פִינְדֶען, — אִיךְ וֵוייס דָא זַייט אִיהר אַלֶע, אַהֶער הָאט אֵייךְ אֵייעֶר שְׁלֶעכְט שִׁיקְזַאל צוזַאמֶען גֶעפִיהרְט, אום אִיךְ זָאל אֵייךְ אַלֶע אויף אֵיין מָאהל פֶערְנִיכְטֶען! אִיהר הַאסְט מִיךְ וַוייל אִיךְ בִּין אֵייעֶר פֵיינְד — אִיהר שְׁטָאלְצִיעְרְט מִיט אֵייעֶר רֵיינְהֵייט, וֶועל אִיךְ נָאךְ מֶעהר מֵיינֶע הֶענְד מִיט בְּלוּט בֶּעשְׁמוּצֶען, צִיטֶערְט דָארְט! פַּאט־רִיקָא גְרַאצִיֶע קוּמְט, אונ מִיט אִיהם אויךְ שַׁארְפֶע שְׁוֶוערְדֶען (אב).

(וועהרענד מען דאווינט קלאפט מען, רובין קומט).

**רובין:** (געהט צו וויא מען קלאפט) וֶוער אִיזְט דָארְט?

**גראציע:** (פון די קאליסען) אִיךְ, אַ יונְגֶער בְּרִידֶער, אַ פְרֵיינְד!

**רובין:** זָאג דֶעם סִימָן!

**גראציע:** הַא... סִימָן... אִיךְ... הָאב פֶערְגֶעסֶען!

**רובין:** פֶערְגֶעסֶען! (דענקט) וַוארְטֶע, בַּאלְד!

(אמבראזיען, סעבאסטיאן).

**אמבראזיע:** פרעג נאך א מאהל ווער דארט איז!

**רובין:** זאג ווער ביזטו (אמבראזיע רעד מיט סעבאסטיאן).

**גראציע:** לאז מיך אריין, איך בין איינער פון די פערשפעטיגטע ברודער!

**אמבראזיע:** יא דאס איז ער! לאזט איהם אריין, נור איינעם.

(אמבראזיע, סעבאסטיאן שטעלען זיך פוןביידע זייטען, רובין לאזט אריין גראציע, שליעסט באלד דיא טהיר צו).

**גראציע:** (צו רובין נישט מערקענדיג די אנדערע) פאר וואס האסטו צוגעמאכט דיא טהיר? (אפארט) דא זענען זייא אלע און איך אליין!

**אמבראזיע:** נישט אליין ביזטו, מיט דיר זענען דיינע שווארצע טהאטען!

**גראציע:** א, דער פערשטעלטער אמבראזיע, א, האלט, מיר זענען פינפציג מאן, איך נור מיט איין געשריי, און איהר זענט אלע פערלוירען.

**אמבראזיע:** פינפציג מאן? (סעבאסטיאן פאקט איהם און ווארפט איהם אום).

**סעבאסטיאן:** דארום זאלסטו צוערשט קראפירען נאך בעפאר דו וועסט געבען א געשרייא!

(אלעס ערשיינט מיט לולבים און אתרוגים — רובין שלעפט גראציעס קערפער ארויס.)

**אמבראזיע:** יעצט מיינע ברידער, לכבוד דעם יו"ט שמחת תורה וועלען מיר נאך דא מיט דיא הקפות געהען, און דאן וואנדערען מיר אויס נאך פארטוגאל, וויא מיר וועלען זיין געשיצט פון אונזערע פערפאלגער!

(שלום דאס פעקאלע).

**(פארהאנג.)**










# Amkraut & Freund, Buchhandlung, Przemyśl.

נייא ערשיענען! פראכטפאללע אויסגאבע. נייא ערשיענען!

דאס בעריהמטע ווערק

## טאטע מאמעס צרות

לעבענסבילד אין 4 אקטען פון געבעל.

— מוזיק פאן מאגולסקא. —

פרייז 50 העלער.

אין אונזער פערלאג ערשיינען דעמנעכט פאלגענדע טהעאטער-טעקסטע.

| | |
|---|---|
| **רבי אמנון דער בעל ונתנה תוקף**<br>געשיכטליכע לעגענדע אין 4 אקטען<br>פאן א. מ. שארקאנסקי. | **מאטיע מלך דער סטאליער**<br>לעבענסבילד אין 4 אקטען,<br>פאן ז. קארנבליטה. |
| **די סדר נאכט**<br>לעבענסבילד אין 4 אקטען, פאן לאטיינער<br>מוזיק פאן פריזעל. | **די צווייא תנאים**<br>אפערעטע אין 4 אקטען, פאן האראוויטץ<br>מוזיק פאן פערלמוטטער א. וואהל. |
| **בת שבע** אדער דאס **ווינשפינגערל**<br>פאנטאסטישע אפערעטע אין 4 אקטען<br>פאן לאטיינער. — מוזיק פאן מאגולעסקא. | **רבקה אדער א פינק יודישקייט**<br>אפערעטע אין 5 אקטען,<br>פון שייקעוויטש (שמ"ר) מוזיק פון יאראכאווסקי. |
| **חנה'לע די געהערין**<br>לעבענסבילד אין 4 אקטען<br>פאן פיינמאנן. | **יודאלע אדער אמת ושקר**<br>פאלקסשטיק אין 4 אקטען פאן לאטיינער<br>מוזיק פאן ווארעל. |
| **עזרא דער עוויגער יודע**<br>אפערעטע אין 4 אקטען, פאן לאטיינער<br>מוזיק פאן אבראמאוויטש. | **כבוד אב — Das V. Gebot**<br>מעלאדראמא אין 4 אקטען פאן לאטיינער<br>מוזיק פאן פינקעלשטיין. |
| **דער בטלן**<br>**אדער האכצייט פער שפאס**<br>לעבענסבילד אין 4 אקטען, פאן ג. ראקאוו. | **דער ליגנער אדער טאדרעס בלוז**<br>קאמישע אפערעטע אין 4 אקטען<br>פאן א. גאלדפאדען. |
| **משה סאלדאט**<br>לעבענסבילד אין 4 אקטען,<br>פאן שייקעוויטש (שמ"ר) | **שבתי צבי**<br>קאמעדיע אין 4 אקטען, פאן האראוויטץ<br>מוזיק פאן פינקעלשטיין, |

אמקרויט עט פריינד, בוכהאנדלונג, פשעמישל.